[82]

שול-און פּיאָנערן-ביבליאָטעק

ה. אועלס

# אוג-לאָמי

(א מאַיסע פון שטיין-טקופע)

אידיש — ל. ר.

№ 26

קאָאָפּעראַטיווער פארלאַג
„קולטור-ליגע"
קיעוו — 1927

# I. אוג-לאַמי און אויאַ.

דאָס איז פאָרגעקומען אין אוראַלטע, פארהיסטאָרישע צייטן, פופציק טויזנט יאָר צוריק,—פופציק טויזנט יאָר, אויב די געלאָגן האָבן נאָר קיין טאָעס ניט אין זייערע כעשבוינעס. דער פרילינג איז דענסטמאָל געווען אַזוי פריילעך ווי איצט, און אזוי ווי איצט האָט ער געשווינדער געטריבן דאָס בלוט איבער די אָדערן. אפן פארנאכטיקן בלויען הימל זיינען געשוואומען ווייסע וואָלקנס, און ס'האָט געצערטלט און געגלעט אַ דאָרעם-מאַירעוודיק ווינטל. די שוועלבעלעך, וואָס זיינען ערשט געקומען צופליגן, האָבן ארומגע־שוועבט הין און צוריק. די טייך-בוכטעס זיינען געווען באַזייט מיט וואסער-ליליעס, די בלאָטיקע ערטער זיינען געווען פארוואקסן מיט פעלדישן האַרץ-קרויט און מאלווע. ערטערווייס איז געגאנגען אַ גאַנ־צע ארמיי אָסאָקעס מיט אראָפגעלאָזטע שפּאַגעס. צו צאָפן-צו האָבן זיך באַוועגט און אומגעלומפּערט געשטיפט שווארצע גלאנצנדיקע פּאַרזעענישן — היפּאָפּאָטאַמען. זיי האָבן זיך געוואלגערט און גע־פלאָנטערט זיך אין דעם ווילדוואוקס.

אַביסל העכער מיטן טייך, ניט ווייט פון די היפּאָפּאָטאַמען, האָבן זיך געפּלוסקעט אין וואסער אַסאַך קליינע געלהויטיקע כאַיעלעך. צווישן זיי און די היפּאָפּאָטאַמען האָט מען ניט באַ־מערקט ניט קיין סינע, ניט קיין מוירע. אַז די ריזיקע כאַיעס זיי־נען צוגעגאַן צום טייך, געבראָכן דעם טשערעט און צערודערט די שפּיגלדיקע וואסער מיט זילבערנע שפּריצן, האָבן די קליינע כאַיעלעך געגומען פריילעך שרייען און זשעסטיקולירן. דאָס איז געווען דער בעסטער סימען, אַז דער פרילינג קומט.

„באָלו” ! — האָבן זיי געשריען, — „בייאַ ! באָלו !”

דאָס זיינען געווען קינדער פון אַ מענטשלעכן שייוועט. דער לאַגער־פּלאַץ פון דעם שייוועט איז געווען ניט ווייט אף אַ בערגל, הינטער דעם טייך־אויסבייג, — פון יענער זייט האט זיך געזעען אַ רויך. די מענטשישע קינדער זיינען געווען מיט צעקאָשמעטע האָר און מיט קליינע ברייטנאָזיקע פּענימלעך. דאָס לייב זייערס איז געווען באדעקט מיט ווייכע הערעלעך (ס'טרעפט זיך באַ אַנדערע קינדער איצט אויך). זייערע היפּטן זיינען געווען שמאָלע, און די הענט לאנגע. די אויערן זיינען געווען אָן לעפּעלעך און אַביסל פאַרשפּיצטע. דאס זיינען געווען הוילע, נאַקעטע, קליינע ציגיינערלעך, לעבעדיקע און רירעוודיקע, ווי מאַלפּעס, האבן געהאלטן אין איין שרייען, כאָטש אָפּט האָט זיי ניט געקלעקט קיין ווערטער.

קיין דערוואַקסענע האט מען ניט געזען. דער מענטשלעכער לאַגער האָט פאָרגעשטעלט פון זיך אַן איינגעטראָטענעם פּלאַץ צווישן טונקעלע טרוקענע בלעטער פון פּאַפּאָראָט. דעם שייטער — אַ קופּע גרויער טליענדיקער אַש — האָבן אונטערגעהאַלטן אַלטע פרויען, וואָס האָבן פון צייט צו צייט אונטערגעוואָרפן הויפנס טרוקענע בלעטער אין פייער אריין. קימאַט אַלע מאנסבלען זיינען געשלאָפן זיצנדיק, די קעפּ אַריינגעשטעקט צווישן די קני. דעם פרימאָרגן האט זיך זיי איינגעגעבן אַ גוטער פאַנג. זייערע יאָג־הינט האָבן פאריאָגט אַ הירש, וועלכער האָט געקלעקט פאר אַלעמען, און זיי האבן פארשפּאָרט קריגן זיך פארן עסן. עטלעכע פרויען האבן נאָך איצט אויך געריזעט די צעוואָרפענע ביינער. אַנדערע האָבן צונויפגעשאַרט אין אַ קופּע טרוקענע בלעטער און צווייגן, אז אף נאכט זאָל ברודער־פייער האבן גענוג עסן, ער זאָל אויסוואקסן אַ שטאַרקער און אַ הויכער און זאָל זיי באשיצן פון ווילדע כאַיעס. און צוויי פרויען האבן אָנגעשאָטן אַ קופּע קיזלשטיינער, וועלכע זיי האָבן געבראכט גאַנצע בערעמקעס פונם ברעג טייך, וואו די קינדער האָבן זיך געשפּילט.

קיין אַנטון איז באַ אָט די געלהויטיקע פּראָים ניט געווען. נאָר עטלעכע האבן געטראָגן אַף די לענדן גארטלען פון שלאַנ־געגער הויט אָדער פון איינגעשרומפּענער, ניט־אויסגעמאַכטער פעל, און פון די גאַרטלען זיינען אַראָפּגעהאַנגען קליינע זעקע־לעך. אַמאָל זיינען אין די זעקעלעך געלעגן די לאַפּעס פון יענע כאַיעס, וואָס פון זיי האָט מען אַראָפּגעשונדן די פעל, און איצט זיינען דאָרט געלעגן קיזלשטיינער. אין יענער צייט איז עס גע־ווען דאָס הויפּטגעווער און אינסטרומענט פונם מענטשן. נאָר אַף איין פרוי, די ווייב פון דעם פירער, וואָס האט געהייסן אוֹיאַ דער כיטרער מענטש — איז געווען אַ וואונדערלעכער האַלזבאַנד פון דורכגעבויערטע שטיינדלעך. ביז איר האבן דעם האַלזבאַנד געטראָגן די פרויען פון די פריערדיקע פירער. לעבן די שלאָפנדיקע מענער זיינען געלעגן גרויסע הירשענע הערנער מיט שאַרף פאַרטעסעטע שפיצן און לאַנגע שטעקנס מיט אָנגעשטעקטע שארפע קיזלשטיינער. בלויז מיט אָט דעם געווער און מיטן טלי־ענדיקן שייטער האבן זיך אָפּגעשיידט די דעמאָלסדיקע מענטשלעכע געפּאַשעס פון די ווילדע כאַיעס, וואָס האבן זיך ארומגעדרייט ניט ווייט. אויאַ דער כיטרער איז ניט געשלאָפן. ער איז געזעסן מיט אַ ביין אין האַנט און האָט אים פלייסיק געשאָבן מיט אַ קיזלשטיין. ער איז געווען דער עלטסטער אינם גאַנצן שייוועט, מיט אַראָפּגעהאַנגענע ברעמען, אויסגעסטאַרטשעטע קינבאקן, דינע הענט, מיט אַ באָרד אַף די באקן, די ברוסט און די הענט באַ־דעקט מיט געדיכטער, שוואַרצער וואָל. ווייל ער איז געווען אַ שטאַרקער און אַ כיטרער, איז ער געווען דער אָנפירער אינם שייוועט און אים איז שטענדיק אָנגעקומען דער בעסטער און דער שענסטער כיילעק פונם פאַנג.

יודענא האָט זיך באַהאַלטן צווישן די אָלכע־ביימער, ווייל זי האט מוירע געהאט פאַר אויאַן. זי איז נאָך געווען אַ קליין מיידל, מיט גלאַנצנדיקע אויגן און מיט אַ ליב שמייכעלע. אויאַ האט איר געגעבן אַ שטיק לעבער, אַזאַ גרויסן כיילעק, אַז ס׳וואָלט

געפּאַסט פאר אַ מאַנסבל. קליינע מיידעלעך פלעג קיינמאָל ניט אָנקומען אַזאַ שטיק. אַז זי האט גענומען דעם לעבער, האט די פרוי מיטן האַלזבאנד אף איר אַ קוק געטון מיט בייזע אויגן, און אוג־לאָמי האט אַרויסגעלאָזן אַ גאָרגל־קאָל, נאָר אויאַ האט אַף אים אָנגעשטעלט די אויגן אזוי שטריינג, אַז אוג־לאָמי האט זיך באַלד איבערגעשראָקן. דערנאָך האט אויאַ אַ קוק געטון אַף יודענען. אויאַ האט געגעסן און מיט אלע זיינע געדאַנקען איז ער געווען פאַרטון אין דעם ביין; וואָס ער האט געסמאָטשקעט. דערנאָך האט ער אָנגעהויבן זיך ארומדרייען, ווי ער וואָלט געזוכט יודענען, נאָר זי האָט זיך פארטאיעט צווישן די אָלכעס און האט פונדאָרטן זיך צוגעקוקט, וואָס אויאַ טוט מיטן ביין און מיטן קיזלשטיין. און אוג־לאָמי איז ערגעץ ניט געוואָרן. אַף די צווייגן פון דער אָלכע האט אָנגעהויבן אַרומשפּרינגען אַ וועווריק. יודענא איז געלעגן אזוי שטיל, אַז דאָס קליין באַשעפעניש האט זי באמערקט שוין גאָר נאָענט. באַלד האט זיך דער וועווריק אַ וואָרף געטון אַרוף אַפן בוים און גענומען זידלען יודענען: „וואָס טוסטו דאָ אַזוי ווייט פון אַלע איבעריקע מענטשישע כאַיעס?” — האט געפרעגט דאָס וועוריקל. „שטילער”, — האט יודענא געזאָגט. נאָר דאָס וועוריקל האט אָנגעהויבן נאָך העכער פלוידערן. האט יודענא גענומען אָפּברעכן קליינע שווארצע שישקעס און וואַרפן אַפן וועוריקל. דאָס וועוריקל האט זיך אויסגעדרייט פון די שישקעס און האט גאָרניט מוירע געהאט. יודענא האט זיך צעהיצט און האט זיך אוועקגעשטעלט, קעדיי בעסער טרעפן דעם וועוריקל, און האט מיטאמאָל דערזען אויאַן, וועלכער האט זיך אַראָפּגעלאָזן פונם בערגל. אויאַ האט דורך די צווייגן באַמערקט, ווי ס'רירט זיך יודענעס ווייסע האַנט; ער האט געהאט זייער אַ שארפע ריע.

יודענא האט מיטאַמאָל פאַרגעסן דאָס וועוריקל און מיט אלע קויכעס האָט זי זיך געלאָזט לויפן צווישן די אָלכעס און איבערן טשערעט. זי האט ניט געטראכט, וואוהין לויפן, אבי זיך

באַהאַלטן פון אויאַן. קימאַט ביז די קני אין וואסער האט זי געטיאָפּקעט איבער די בלאָטיקע ערטער, און פלוצלינג האט זי פאר זיך דערזען אַ טאָל, באַוואַקסן מיט פּאַפּאָראָט. דאָ איז דער פּאַפּאָראָט געוואַקסן ניט אַף דער זון, נאָר אין שאָטן פון יונגע קאַשטאַנען, און וואָס ווייטער איז ער געוואָרן אַלץ העכער און גרינער. יודענא איז געלאָפן גיך, זי איז שוין געווען אין וואלד און זי איז נאָך אלץ געלאָפן, ביז זי האט זיך פאַר־קליבן אין סאמע געדיכטעניש, וואו אַלטעביימער זיינען געווען ארומגעפלאָכטן מיט קרעפּטיקן הארטן עפיי *), און די שטיינגלעך פון ווייִנשטאָק, דאָרט וואו די שיין פון דער זון איז אף זיי געפאַלן, זיינען געווען אין דער גרעב ווי יונגע ביימלעך. זי איז געלאָפן אלץ ווייטער און ווייטער, אלץ גיי־כער און גיכער, ביז זי האט זיך אנידערגעלייגט עפּעס אף אַ וואלד־לאָנקע אין פּאַפּאָראָט אונטער געדיכטע קוסטעס און האט גענומען זיך איינהערן. דאָס הארץ האט זיך באַ איר גע־וואָרפן.

זי האט געהערט, ווי ערגעץ ווייט שורשען די בלעטער אונ־טער עמעצנס פיס, דערנאָך זיינען די טריט שטיל געוואָרן און ס'איז ווידער געוואָרן טויט־שטיל, נאָר קאָמאַרעס האבן געזשו־זשעט, און אָן אופהער האבן געוויִשט די בלעטער. ס'געוואָרן נאַכט. זי האט פאר זיך געשמייכלט, טראכטנדיק, ווי אזוי דער כיטרער אויאַ וועט באלד פארביי־גיין און וועט זי ניט זען. זי האט גאָרניט מוירע געהאט. אַמאָל, אַז זי פלעג זיך שפּילן מיט נאָך מיידעלעך און אינגעלעך, פלעג זי אנטלויפן אין וואלד, נאָר קיינמאָל איז זי ניט פאַרלאָפן אזוי ווייט. ס'איז געווען אזוי פריילעך, וואָס זי האט זיך דאָ פון אלעמען באהאַלטן און קיי־נער איז ניטאָ.

זי איז לאנג געזעסן און האט זיך געפרייט, וואָס ס'האט זיך איר אַזוי איינגעגעבן ארויסדרייען פון אויאַן. דערנאָך האט

*) Плющ

זי זיך אנידערגעזעצט און האט אָנגעהויבן זיך איינהערן. זי האט דערהערט עפּעס אַ טופּעריי, וואס איז געוואָרן אלץ קלאָרער און נעענטער. און אַביסעלע שפּעטער האט זי דערהערט אַ כרוקען און אַ קנאַקעריי פון צווייגן. דאָס איז געווען אַ טשערעדע מאָ־גערע און שרעקלעך ווילדע כאזיירים.

יודענא האט זיך אומגעקוקט, זי האט געוואוסט, אז אַ ווילדער כאַזער איז ניט קיין אנגענעמע באגעגעניש, ווייל ער קען אלעמאָל אַ שטויס טון מיט זיינע ציינער. יודענא האט זיך אַ וואָרף געטון אין אַ זייט צווישן די ביימער, נאָר דאָס טופּעריי איז געוואָרן אלץ נעענטער. אַפּאָנים, אַז די ווילדע כא־זיירים זיינען ארומגעגאַן ניט אף דער פּאַשע. זיי זיינען געלאָפן זייער גיך. און עפשער יאָגן זיי זיך טאַקע נאָך איר. האָט יו־דענא זיך אַ כאַפּ געטון פאר אַ צווייגל פון אַ בוים און האט גענומען קלעטערן אפן שטאַם אַזוי פלינק, ווי אַ מאַלפּע. אַז זי האט אַ קוק געטון אַראָפּ, האט זי שוין דערזען די כאזורהאָר אף די רוקנס פון די כאיעס, וואָס האבן דורכגעיאָגט אונטער די צווייגן. יודענאַ האט געוואוסט, אז דאס קורצע, אָפּגעהאקטע כרוקען פון די ווילדע כאזיירים איז אַ סימען פון דערשרעק, נאָר פאר וואָס האבן זיי זיך דערשראָקן? פאר אַ מענטשן? ניין. צו גיך זיינען זיי געלאָפן. ס׳קען ניט זיין פאר קיין מענטשן. מיט־אַמאָל איז פון וואלד־געדיכטעניש אַרויסגעשפּרונגען אַ הירש און האט זיך אַ וואָרף געטון נאָך די ווילדע כאַזיירים, און נאָכן הירש איז אַרויסגעלאָפן עפּעס אַ נידעריקס און אַ גרויס, מיט אַ לאַנגן קערפּער.

יודענאַ האט ניט געוואוסט, וואס איז דאָס אַזוינס, ווייל זי האט עס געזען נאָר איין רעגע דורך די געדיכטע בלעטער. דער־נאָך איז ווידעראמאָל געוואָרן שטיל.

פלוצלינג האט זיך צווישן די ביימער באַוויזן אף איין מינוט, און באלד פארשוואונדן, אַ לויפנדיקער מענטש, און נאָכאַמאָל זיך באַוויזן און באלד ווידער פארשוואונדן. אין די העלע האָר האט

**יודענא דערקענט, אז דאס איז דער יונגער אוג־לאָמי.** דאס פּאָנים איז בּא אים געווען אין בּלוט. יודענען האט פארקלעמט בּאַם האַרצן. בּאלד נאך אים איז געלאָפן שווער און פארסאָפּעט אַן אַנדער מענטש. פונדערנאָענט האט יודענא דערזען, אז דאָס איז אויאַ. די אויגן זייַנען בּא אים געווען אויסגעגלאָצט. ער האט זיך ניט געיאָגט נאָך אוג־לאָמין. ער איז געווען בּלאס. דאס איז געווען אויאַ — אַ דערשראָקענער, און איידער נאך זייַנע טריט זייַנען פאַרשטילט געוואָרן, האט דורכגעיאָגט אַ גרויס בּאשעפעניש, בּאדעקט מיט אַ גרויער וואָל, דורכגעיאָגט מיט ווייכע, פלינקע טריט.

יודענאַ איז מיטאמאָל פאַרגליווערט געוואָרן, האט אופגע־הערט אָטעמען. אַ דערשראָקענע אף טויט, האט זי זיך איינגע־קלאַמערט אינם בּוים.

זי האט נאָך קיינמאָל ניט געזען דאָסדאָזיקע בּאשעפעניש, און איצט האט זיך איר אויך ניט איינגעגעבּן אים גוט בּאטראכטן, נאָר זי האט געוואוסט, אז דאָס איז די שרעק פון וואלד. פון אים האט מען דערציילט לעגענדעס, מיט זייַן נאָמען האבּן קינדער געשראָקן איינס דעם צווייטן, און, דערמאָנענדיק זייַן נאָ־מען, פלעגן זיי זיך לאָזן לויפן צום לאַגער־פּלאַץ. ס׳האט זיך נאָך קיינמאָל ניט געטראָפן, אַז אַ מענטש זאָל דערהאַרגענען אזא בּאַשעפעניש, אַפילע דער מעכטיקער מאַמאָנט האט מוירע געהאט פאר זייַן צאָרן. דאָס איז געווען דער בּער גריזלי, דער הער־שער פון דער וועלט אין יענע צייטן.

גריזלי איז געלאָפן און האָט געהאַלטן אין איין בּרומען: „אַ! מענטשן בּא מיר אין מייַן אייגענער נאָרע! קאמף און בּלוט! סאַמע בּאם אריינגאַנג אין מייַן נאָרע! מענטשן! מענטשן! מענטשן! קאַמף און בּלוט!” ער איז דאָך געווען דער הערשער פון וועלדער און היילן.

ער איז שוין לאַנג דורכגעלאָפן, און יודענא איז נאָך אַלץ געזעסן אַ פאַרגליווערטע און אַראָפּגעקוקט דורך די צווייגן. זי

האָט זיך ניט געקענט אַ ריר טון פונם אָרט, און אינסטינקטיוו האט זי זיך איינגעקלאַמערט מיט די הענט, מיט די קני און מיט די פיס אינם בוים. ס׳האט לאנג געדויערט איידער זי איז אביסל געקומען צו זיך, און ס׳איז איר מיטאמאָל קלאָר געוואָרן איין זאך: די שרעק געפינט זיך צווישן איר און צווישן איר שייוועט, איז ווי אַזוי קען זי איצט אַראָפּקריכן פונם בוים?

אַז ס׳איז אַביסל איבערגעגאַנגען איר דערשרעק, האָט זי זיך באַקוועמער איינגעמאָסטעט אפן בוים אַף אַ גראָבן צווייג. ארום און אַרום זיינען געוואָקסן ביימער און יודענא האט ניט אויסגע־זען דעם ברודער־פייער. באַטאָג איז דאָך דער ברודער־פייער אַ שוואַרצער.

שפּעטער אַביסל האָבן זיך די אייבערשטע צווייגן פון די ביי־מער אָנגעצונדן מיטן אָפּשיין פון שקיע. יודענא האָט אַ טראכט געטון, אַז ס׳איז שוין צייט זיך אומקערן אַהיים. זי האט זיך אַראָפּגעלאָזן אַביסל נידעריקער, נאָר ס׳איז אַף איר ווידעראַמאָל אָנגעפאַלן דער פאַכעד פאר דער שרעק פון וואלד. און זי האט זיך ניט איינגעשטעלט אַראָפּלאָזן אַראָפּ.

די שאָטנס זיינען געדיכטער געוואָרן. יודענא האָט אַרופגע־קלעטערט העכער, נעענטער צו דער שיין. ס׳איז געוואָרן מוירע־דיק שטיל. דערנאָך האָבן די בלעטער אָנגעהויבן רוישן. יודענא האט געציטערט און האט געטראכט פונם ברודער־פייער. די שאָטנס זיינען געוואָרן נאָך געדיכטער צווישן די ביימער, האבן זיך באזעצט אַף די צווייגן און זיך געגאַנגוועט צו יודע־נען. די וועלט איז געוואָרן אלץ פינצטערער און פינצטערער, טונקעלער און טונקעלער, ביז די בלעטער און די ביימער זיינען איינגאנצן שווארץ געוואָרן אפן פאָן פון הימל, און די ערד איז פאַרשוואונדן געוואָרן אין כוישעך.

יודענאַ האָט די גאנצע נאכט קיין אויג ניט צוגעמאכט. זי האט זיך געהאלטן אין איין צוהערן, וואָס קומט פאָר דאָרט אין דער פינצטער. זי האָט מיט קיין אייווער ניט אַ ריר געטון. אין

יענע צייטן פלעג דער מענטש קיינמאָל ניט בלייבן איינער אליין אין דער פינצטער, סיידן אין אַזוינע זעלטענע פאלן, ווי איצט יו־דענאַ. אַ דאָר נאָך אַ דאָר האט א מענטש זיך געלערנט מוירע האבן, און נאך ביז איצט קענען מיר זיך פון דעם ניט באפרייען. ווערליק די יאָרן איז שוין יודענאַ דאפקע געווען קימאַט אַ פרוי, נאָר זי האט מוירע געהאַט, ווי אַ קליין קינד, אַן אָרעם, קליין כאַיעלע! און אזוי איז זי זיך געזעסן, ווי אַ פאַריאָגט העזל. אַפן הימל האבן געשיינט די שטערן. אַף איין העלן שטערן האט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז ער איז ענלעך אַף אוג־לאָמין. דערנאָך האט זי זיך שוין פאָרגעשטעלט, אז דאָס איז אינדערעמעסן אוג־לאָמי, און לעבן אים אַ רויטער און אַ בייזער — דאָס איז אויאַ. און אַז די נאכט איז אַוועק, האט אוג־לאָמי זיך געלאָזט לויפן אַפן הימל, אַנטלויפן פון אויאַן.

יודענאַ האָט געזוכט דעם ברודער־פייער, וואָס האט אָפּגעהיט דעם לאגער־פלאַץ פון כאַיעס, נאָר זי האט אים אינערגעץ ניט אויסגעזען. זי האָט דערהערט, ווי פונדערווייטן האבן אָנגעהויבן טרובען די מאמאָנטן, וואָס האבן זיך אראָפּגעלאָזן צום וואסער. און איינמאָל איז עפּעס אַ ריזיקס דורכגעלאָפן און האט געמע־קעט, ווי אַ בעהיימע. נאָר וואָס איז דאָס אזוינס געווען האט זי ניט באַמערקט; ווערליק דער קאָל האט זי גערעכנט, אַז דאס איז יאַאַאַ־נאָזהאָרן, וואָס האַרגעט מיטן נאָז, שלעפּט זיך שטענדיק ארום איינער אַליין און, אז ס׳קומט אים אָן, ווערט ער אומויסט און אומנישט צעיושעט־בייז.

אָט האבן אָנגעהויבן פארשוואונדן ווערן פריער די קלענערע שטערן און דערנאָך די גרעסערע, אַזוי ווי כאַיעס, וואָס אַנטלויפן פאר דערשרעק. די זון איז אופגעגאן. דאָס איז געווען דער הער־שער פון הימל, ווי גריזלי—דער הערשער פון וואלד. יודענען האט זיך געוואָלט וויסן, וואָס קען זיך טרעפן, ווען איין שטערן וואָלט נאָך געבליבן אַפן הימל. נאָר דער הימל איז שוין גאָר אינגאַנצן בלאַס געוואָרן. מיטן טאָג איז אַוועק יודענעס שרעק, און זי האט

באַשלאָסן זיך אַראָפּלאָזן פון בוים. זי האט זיך געפילט שטאַרק מיד און דערשלאָגן. זי האט זיך שטילערהייט אַראָפּגעלאָזן פון בוים, האט זיך אָנגעהויבן פאָרזיכטיק גאַנגוועגן דורכן וואלד און האט געציטערט פון שרעק. פאַרשטייט זיך, ניט פאַר קיין שפּרינגענדיק ווערוויקל און ניט פאַר קיין הירש האט זי מוירע געהאַט. ס׳האט זיך איר אַלץ אויסגעדאַכט גריזלי.

יודענען האט זיך געוואָלט אויסזוכן די אירינקע. די שרעק פאַר אויאַ דעם כיטרען איז געווען ניט אזוי שטאַרק, ווי די גרויסע מוירע פאַר בלייבן אליין. זי האט אָבער ניט געוואוסט אין וואָסער זייט זיי זוכן. נעכטן, אַז זי איז געלאָפן, האט זי זיך ניט צוגעקוקט צום וועג, און איצט האט זי זיך ניט פאָרגעשטעלט, וואו איז דער לאַגער־פּאַלאַץ: אין דער זייט פון זון־אויפגאנג, צי אין דער זייט פון זון־פאַרגאַנג? זי האָט זיך אלעמאָל אָפּגעשטעלט און זיך צוגעהערט, און אָט האט זי דערהערט פונדערווייטן עפּעס אַ קלינגעריי און באלד האט זי דערקענט, אַז דאס איז דאָס קלינגען פון אַ קיזלשטיין, אַז מ׳שאַרפּט אים. דיביימער זיינען שיטערער געוואָרן, און אַ לאָנקע, באַוואַקסן מיט קראָפּעווע, האט איר פאַרשטעלט דעם וועג. יודענא האט אָפּגעקערעוועט אין אַ זייט און איז צוגעגאַנגען צו אַ באַקאַנטן געפאַלענעם בוים, און באלד האט זי פונדערווייטן דערזען דאָס בערגל און דעם טייך אונטער אים, און די קינדער, און די היפּאָפּאָטאַמען. פונדערווייטן לעבן טייך האט מען אויסגעזען די אָלכע־ביימער, וואו זי האט זיך נעכטן באַהאַלטן, און אַז זי האט דערזען יענע ביימער, האט זיך צו איר ווידער אומגעקערט די שרעק פאַר אויאַן. יודענא איז פאַרקראָכן אין געדיכטע פּאַפּאָראָטן און האט זיך גענומען אַכטונג געבן אַפן לאגער. פון די מאַנסבלען איז דאָרט קיינער ניט געווען, אויסער אויאַ דעם שטיינשארפער. און זי איז בא זיך געוואָרן אביסל שטאַרקער. די מאַנסבלען זיינען געוויס אַוועק ערגעץ זוכן שפּייז. עטלעכע פרויען זיינען געשטאַנען באם טייך אָנגעבויגן: זיי האבן געזוכט טייכשיסעלעך, קרעפּסן און שנעקן.

יודענאַ האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז זי איז הונגעריק. זי איז אופגעשפרונגען און האט זיך אַ לאָז געטון לויפן איבערן פּאַפּאַראָט צו די פרויען, וואס באַם טייך. נאָר פלוצלינג האט זי דערהערט, אַז אַ שטילע שטים רופט זי פון דער געדיכטעניש פון פּאַפּאַראָט. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיך אומגעקוקט. זי האט דערזען אוג־לאָמין אין פּאַפּאַראָט. זיין פּאָנים איז געווען פאַרדעקט מיט פאַרבאַקענעם בלוט און מיט בלאָטע, די אויגן האבן געברענט און אין די הענט האט ער געהאלטן דעם ווייסן שטיין פון אויאַן — דעם ווייסן שטיין פון פייער, וואס קיינער, אויסער אויאַן, האט זיך ניט דערוועגט צו אים צורירן. מיט איין שפרונג איז אוג־לאָמי שוין געווען לעבן יודענען און האט זי אַ שטויס געטון צום וואַלד־צו.

— אויאַ,—האט ער געזאָגט,—און האָט אָנגעהויבן מאכן מיט די הענט. יודענאַ האָט דערהערט אַ געשריי. זי האט זיך אומגעקוקט און האט דערזען, אז אַלע פרויען האבן זיך אופגעכאַפּט פון דער ערד, און די, וואָס באַם טייך, זיינען אַרויסגעלאָפן אַפן ברעג. דערנאָך האט זי דערהערט אַ היילן, און די אַלטע מיט דער באָרד, וואָס האט אכטונג געגעבן אַפן פייער, האט אָנגעהויבן מאַכן מיט די הענט, און אוּאַוּ, וואס האט געשארפט קיזלשטיינער, איז אויך אופגעשטאַנען. אַפילע די קליינע קינדער האָבן געטומלט און געשריען.

— קום,—האָט אוג־לאָמי געזאָגט און האט אַ שלעפּ געטון יודענען פאַר דער האנט.

זי האט נאָך אלץ גאָרנישט פאַרשטאַנען.

— אויאַ האט ארויסגעזאָגט דאס וואָרט פון טויט,—האט אוג־לאָמי געזאגט. יודענא האט אַ קוק געטון אַף די לויפנדיקע פּי־גורן און האט פאַרשטאנען.

אוּאַוּ און אלע פרויען האָבן זיך געיאָגט צו זיי אין צעשאָ־טענע רייען, אַלע צעקאָשמעטע, איילנדיק און שפרינגענדיק. צוויי יונגע זיינען געלאָפן אַפן בערגל. פונהינטן, צווישן די פּאפּאַראָטן,

איז געלאָפן איינער, וואָס האָט זיך געסטאַרעט אָפּשניידן יודענען און אוג־לאָמין פונם וואַלד. אוג־לאָמי האָט אָפּגעלאָזן איר האנט, און זיי האָבן אַוועקגעיאָגט איינער לעבן צווייטן מיט גרינגע פיס, שפרינגענדיק איבער די פּאַפּאָראָטן. יודענא האָט געוואוסט די געשווינדקייט פון אירע און אוג־לאָמיס פיס, און ס'איז איר געווען אַ געלעכטער. אַפילו פאַר יענער צייט זיינען זיי געווען אַן אויסערגעוויינלעכע גרינגפיסיקע פּאָר.

אָט האָבן זיי פאַרקערעוועט אין קאַשטאַן־וואַלד. איצט האָבן זיי שוין קיין מוירע ניט. פּלוצלינג האָט יודענאַ אַ געשריי געטון און האָט זיך אַ וואָרף געטון אין אַ זייט. מיט די הענט האָט זי אַ ווייז געטון אף עפּעס, וואָס האָט געשווינדלט צווישן די שטאַמען פון די ביימער. אוג־לאָמי האָט דערזען די פיס און די לענדן פון עטלעכע מענטשן, וואָס זיינען געלאָפן, איבערשניידנדיק זיי דעם וועג. יודענא האט שוין פאַרקערעוועט אַף אַ זייט און אוג־לאָמי האָט שוין אויך געוואָלט פאַרקערעווען. פּלוצלינג האָבן זיי פון צווישן די ביימער דערהערט דעם קאָל פון אויאַן, וואָס האָט ווילד געשריען אַף זיי. אַ שרעק איז זיי באַפאַלן, נאָר ניט דער שרעק, וואָס פענטעט דאָס גאַנצע לייב, נאָר דער, וואָס מאַכט אַ מענטשן שווייגנדיק און פלינק. איצט זיינען זיי געווען אָפּגעשניטן פוןביידע זייטן. די נאָכיאָגער האָבן זיי פאַריאָגט אין אַ ווינקל. רעכטס, גאָר נאָענט פון זיי, זיינען געלאָפן די מאַנס־בלען מיט שווערע געשווינדע טריט אונטער דער אָנפירונג פונם באָרדיקן אויאַן. אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ הירשענעם האָרן; לינקס, צעוואָרפן ווי זוימען באם זייען, האָבן געשווינדלט צווישן די פּאַפּאָראָטן געלע פלעקן. דאָס איז געלאָפן אוּאַ און די פרויען. אַפילו די קליינע קינדער, וואָס האָבן זיך געשפּילט אין טייך, זיינען צוגעשטאַנען צום געיעג. ביידע גרופּעס האָבן זיך געסטאַרעט צונויפקומען פונפאָרנט פאַר די אַנטלאָפענע. זיי האָבן געיאָגט מיט אַלע קויכעס, נאָר יודענאַ איז אַלץ געווען אַפּצו־פריער.

יודענא און אוג־לאָמי האָבן געוואוסט, אַז אף ראַכמאָנעס פאַרשפּאָרן זיי אַרויסקוקן. פאַר די אוראַלטע מענטשן איז ניט געווען נאָך אַזאַ אָנגענעמען געיעג, ווי דאָס געיעג נאָך מענטשן. ווי נאָר ס'האָט זיך אָנגעצונדן די כאַיעשע דאָרשט פון געיעג, זיינען באלד פאַרשוואונדן געוואָרן אַלע שוואַכע פונקען פון מענטשלעכקייט. באַנאַכט האָט אויאַ פאַרשטעמפּלט אוג־לאָמין מיטן וואָרט פון טויט, און אוג־לאָמי האָט שוין געמוזט ווערן די פאַנג פאַר דער אָפּגעשטעלטער, גרויסער סודע.

זיי זיינען געלאָפן גלייך, ניט קלייבנדיק קיין וועג. דאָס איז געווען זייער איינציקע האָפענונג. זיי זיינען געלאָפן איבער ערטער, פאַרוואקסן מיט שטעכיקער קראָפּעווע, איבער אָפּענע לאָנקעס, אי־בער גראָזיקן ווילדוואוקס, פונוואַנען ס'איז אַרויסגעשפּרונגען אַ בייזע היענע. דערנאָך ווידער וואלד, מאָך און ווילדוואוקס אונטער גרינע שטאַמען, דערנאָך סטרימקע בערג, באוואקסן מיטביימער, שוואַרצע בלאָטעס, באַדעקט מיט גרינס, און ווידעראמאָל אָפּענע ערטער, פאַרוואַקסן מיט שטעכיקע דערנער און סטעזשקעס, אויס־געטראָטענע פון ווילדע כאַיעס. זייערע נאָכיאָגער זיינען שוין טיילווייס אָפּגעשטאַנען. נאָר אויאַ איז נאָך אלץ זיי נאָכגעלאָפן פוס־טריט. יודענא איז געלאָפן גרינג, ניט פאַרסאַפּעט, אלץ נאָך פאַר אוג־לאָמין, ווייל באַ אוג־לאָמין אין האנט איז געווען דער שטיין פון פייער.

דאָס האָט געווירקט אַף זיין לויפן ניט מיטאמאָל. ערשט שפּעטער אביסל האָט ער אָנגעהויבן אָפּשטיין. יודענא האָט דערזען, אז אוג־לאָמי איז אף אסאך יאַרדן הינטער איר, און אויאַ איז שוין גאָר נאָענט פון אוג־לאָמין און ער האָט שוין אופגעהויבן דעם הירשענעם האָרן אף דערלאַנגען אים א זעץ. אואַו און די איבעריקע נאָכיאָגער האָבן זיך ערשט באוויזן אפן ראנד פון וואלד. אז יודענא האָט דערזען די געפאַר, אין וועלכער ס'געפינט זיך אוג־לאָמי, האָט זי זיך אַ וואָרף געטון אין א זייט, אופגעהויבןביידע הענט אַרויף און א געשריי געטון אף א קאָל.

דאָס איז געווען פונקט אין דער רעגע, ווען דער הירשענער האָרן
האָט אַ שוועב געטון אין דער לופטן. אוג־לאַמי האָט פאַר־
שטאַנען יודענעס געשריי און האָט אָנגעבויגן דעם קאָפ און
דער שליידער־געווער האָט אים נאָר פונויבן אוף אַ דראַפּע געטון
און איז איבערגעפלויגן איבער אים. באַלד האָט ער זיך אויסגע־
קערעוועט, אַ כאַפּ געטון מיט ביידע הענט דעם שטיין פון פייער
און מיט אלע קויכעס אים אַ שליידער געטון אין אויאַן.
אויאַ איז נאָך אלץ געלאָפן, און אז ער האָט דערזען דעם שטיין,
האָט ער אַ געשריי געטון, נאָר ער האָט שוין קיין צייט ניט געהאט
זיך אָנבייגן. דער שווערער, פלאַטשיקער שטיין האָט אים אַ זעץ
געטון אונטער די ריפּן, ער האָט זיך א שאָקל געטון, קיין פּיפּס
ניט געטון און איז אומגעפאַלן. אוג־לאַמי האָט אופגעהויבן
דעם האָרן, וואָס דער שפּיץ זיינער איז געווען באַפאַרבט מיט זיין
אייגן בלוט, און האָט זיך ווידער געלאָזט לויפן. א רויט ריטש־
קעלע איז אַראָפּגערונען פון אוג־לאַמיס האָר אף זיין פּאָנים.
אויאַ האָט זיך צוויי מאָל איבערגעדרייט, א מינוט איז ער
געלעגן אָן באַוועגונג, ביז ס'האָט זיך אים איינגעגעבן זיך נאָכ־
אַמאָל אופהייבן אף די פיס. נאָכדעם האָט ער זיך שוין געלאָזט
לויפן שטאַרק פאַמעלעך. ער האָט אָנגעוואוירן די פאַרב פון פּאָ־
נעם. אואַו האָט אים איבערגעיאָגט און די איבעריקע אויך.
אויאַ האָט געהוסט און ס'איז אים שווער געווען כאַפּן דעם
אָטעם, פונדעסטוועגן איז ער נאָך געלאָפן.
און אָט זיינען ביידע אנטלאָפענע געקומען צום ברעג פון
טייך. אין דעם אָרט איז דער טייך געווען שמאָל און טיף. זיי זיי־
נען נאָך אַלץ געווען אַף אַ פופציק יאַרדן פאַר אואַו דעם
שטיינשאַרפער, דעם נאָענסטן פון זייערע נאָכיאָגער. אין יעדער
האַנט האָט ער געהאַלטן א גרויסן פאַרשאַרפטן קיזלשטיין.
פון הויכן ברעג טייך האָבן אוג־לאַמי און יודענא זיך גלייך
אַ וואָרף געטון אין וואסער אריין, געשווינד אַוועקגעשוואומען
און איבערגעהאַקט דעם טיפן טייך מיט אַ צוויי, דריי שווים.

פייכטע און אָפּגעפרישטע זיינען זיי אַרויס אַפן צווייטן ברעג. דער ברעג איז געווען אַן אונטערגעוואשענער און באוואקסן מיט ווערבעס, און ס׳איז געווען שווער ארופקלעטערן אף אים. אז יודענא איז שוין געווען צווישן די זילבערנע ווערבענע צווייגן, און אוג־לאָמי אין וואסער, ווייל דער האָרן האָט אים געשטערט שווימען, האָט זיך אַפן צווייטן הויכן ברעג באוויזן אואַו. ער האָט אַ שליידער געטון א שטיין און האָט געפּיקט יודענען אין קני. שטאַרק שווער איז איר אָנגעקומען ארופקלעטערן ארוף און זי איז געפאַלן.

זיי האָבן דערהערט, אַז זייערע נאָכיאָגער שרייען עפּעס איינער צום צווייטן. אוג־לאָמי, וואָס האָט געקלעטערט צו יודענען און האָט די גאַנצע צייט געשפּרונגען, קעדיי אואַו זאָל זיך ניט קענען אָנצילעווען, האָט פּלוצלינג דערפילט, אַז דער צווייטער שליידערשטיין האָט אים א טרעף געטון אין אויער און האָט אריינגעפלוכעט אין וואסער.

אין דער מינוט האָט דער יונגער אוג־לאָמי באַוויזן, אז ער איז שוין א מאנסבל. ער האָט זיך שוין געהאט געלאָזט לויפן ווייטער, ערשט ער האָט באַמערקט, אַז די הינקענדיקע יודענא שטייט פון אים אָפּ. האָט ער זיך אויסגעקערעוועט צוריק מיט אַ ווילדן געשריי. ער איז געשווינד דורכגעלאָפן פאַרביי יודענען צוריק צום ברעג, דרייענדיק מיטן הירשענעם האָרן איבערן קאָפּ. יודענא איז נאָך אלץ געלאָפן פאָרויס, כאָטש איבערן שטאַרקן ווייטיק אין פוס האָט זי צוגעהונקען אף יעדן טריט.

אואַו, וואָס איז שוין צוגעשוואומען צום ברעג און האָט זיך צוגעהאלטן פאַר די אַראָפּגעהאנגענע צווייגן פון דער ווערבע, האָט פּלוצלינג דערזען אוג־לאָמין. אוג־לאָמי איז געשטאַנען גלייך איבער אים און האָט אויסגעזען, ווי א גיגאנטישע פיגור אַפן בלויען פאָן פון הימל. אואַו האָט דערזען: אוג־לאָמיס קערפּער האָט זיך אינגאַנצן איינגעבויגן און זיינע הענט האָבן זיך פעסט איינגעקלאַמערט אינם הירשענעם האָרן. דער שפּיץ פונם

האָרן האָט מיט אַ פייף דורכגעשניטן די לופט, און אוואַו האָט שוין מער גאָרנישט ניט געזען. די וואסער אונטער די ווערבעס האָט אָנגעהויבן קאָכן, זיך צעכווילעט און איז רויט געוואָרן אף עטלעכע פוס אראָפּ מיטן טייך. אויאַ, וואָס איז געלאָפן הינטער אוואַו, האָט זיך אָפּגעשטעלט איבער די קני אין וואסער. און דער צווייטער, וואָס איז שוין איבערגעשוואומען דעם טייך, האָט אַפּדערגיך פארקערעוועט צוריק. די איבעריקע אָפּגעשטאַנענע נאָכיאָגערס האבן זיך באלד אָפּגעשטעלט, ווי זיי האָבן דערזען דעם פאַרבלוטיקטן און שרעקלעכן אוג־לאָמין, וואָס האט פאַרשטעלט די הינקענדיקע יודענא און איז געשטאַנען איבער די ווערבעס און געדרייט מיטן גרויסן האָרן. ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז אַריין אין טייך איז ער נאָך אַ אינגל, און ארויס איז ער שוין א דערוואקסענער מאַנסבל.

ער האָט געוואוסט, אַז הינטער אים איז אַ ברייטע, מיט גראָז פאַרוואַקסענע שטרעקע, און נאָך ווייטער—אַ געדיכטער וואלד, וואו יודענאַ קען זיך באַהאַלטן. אויאַ איז געשטאַנען ביז די קני אין וואַסער און האָט זיך געקוויינקלט. זיין גרויס מויל איז געווען אָפּן, און מ'האָט אויסגעזען זיינע הינטישע ציין. ער האָט שווער געאָטעמט. איין זייט איז בא אים געווען בלוי־רויט אונטער די האָר. לעבן אים איז געשטאַנען איינער מיט אַ שפּיציקן שטעקן אין האַנט. די איבעריקע נאָכיאָגערס זיינען צוגעגאַנגען איינער נאָכן אַנדערן צום הויכן ברעג מיט שטעקנס און מיט שטיינער אין די לאנגע הענט. צוויי זיינען אוועקגעלאָפן מיטן ברעג אַראָפּ וואַסער און זיי האָבן זיך אריינגעוואָרפן אין טייך דאָרט, וואו ס'איז אַרויסגעשוואומען און ס'האָט זיך געבאָרבלט אוואַו. נאָר איידער זיי האָבן נאָך באַוויזן אים כאפּן, איז ער ווידער פאַרשוואונדן געוואָרן אונטערן וואסער.

די צוויי, וואס זיינען געבליבן אַפן ברעג, האָבן באַשאָטן אוג־לאָמין מיט זידל־ווערטער. ער האָט זיי געענטפערט מיט געשרייען און מיט זידלערייען. אויאַ, וואָס איז נאָך אלץ גע־

שטאַנען און האט זיך געקווײנקלט, האָט אָנגעהויבן רעווען פון קאַס און, מאכנדיק מיט די פויסטן, האָט ער זיך א וואָרף געטון אין וואסער. זיינע כאווײרים האָבן זיך א וואָרף געטון נאָך אים. אוג־לאָמי האָט געכאַפּט א קוק הינטער זיך און האָט דערזען, אַז יודענא איז שוין קימאט פאַרשוואונדן געוואָרן אין וואלד. ער וואָלט עפּשער אָפּגעוואָרט אף אויאַן, נאָר יענער איז געשטאַנען אין וואסער, האט זיך געזידלט און האָט געווארט ס'זאָלן צוקומען זיינע כאווײרים. אוג־לאָמי האָט א שליידער געטון זיין האָרן אין אויאַן, האָט זיך אויסגעקערעוועט און איז אַנטלאָפן.

באַם וואַלד האט ער זיך אָפּגעשטעלט אַף אַ מינוט און געכאַפּט אַ קוק אף צוריק. ער האט דערזען, אַז נאָר דריי פון די נאָכיאָגערס זיינען אַריבערגעשוואומען אַף דער זייט טייך. באַ אויאַן האָט זיך געגאָסן דאָס בלוט פון מויל און ער האט זיך געהאַלטן מיט אַ האַנט באַ דער זייט. די איבעריקע זיינען געשטאַנען אין טייך און האבן עפּעס געשלעפּט אַפן ברעג. אוג־לאָמי האט זיך אויסגעקערעוועט און האט זיך געלאָזן אין וואַלד אַריין. אין אַ מינוט אַרום איז צו אים צוגעלאָפן יודענא. אַ גאַנצן טאָג זיינען זיי געגאַנגען איבער וועלדער און ווילדגעוויקסן, ביז זיי זיינען אָנגעקומען אין אַ קאַלך־טאָל. פאַרנאַכט־צו זיינען זיי ווידער אָנגעקומען צום טייך, וועלכער איז דאָ געפלאָסן צווישן הויכע, ווייסע קרייד־פעלזן, וואס זיינען געהאַנגען איבערן וואַסער. אַף איינעם פון די פעלזן אינדערהייך האבן זיי זיך פאַרקליבן אַף נאַכט. אַ גאַנצן טאָג האבן זיי קימאַט גאר ניט געגעסן. זיי האבן זיך געשלעפּט הונגעריק, פאַרמאַטערט און שווייגנדיק און האבן געקייט צווייגלעך און בלעטער, נאָר אַפן פעלז האבן זיי געפונען אַסאַך שנעקלעך און פרישגעלייגטע אייער פון עפּעס אַ קליין פייגעלע. נאָכדעם האט אוג־לאָמי מיט אַ שטיין געהאַרגעט אַ וועווריק און זיי האָבן זיך גוט אָנגעגעסן. א גאַנצע נאַכט האט אוג־לאָמי געהיט, דעם קאָפּ

אַראָפּגעלאָזן אַף די קני. און ווי נאָר ער האט אָנגעהויבן דרימלען, האט זיך אים געכאָלעמט, אַז ער לויפט, און אָט באַגעגנט ער אויאַן און שלאָגט זיך מיט אים. יודענען האבן זיך אויך געכאָלעמט שלעכטע כאלוימעס פון אויאַן.

אַ גאַנצן טאָג האבן זיי זיך דערנאָך געפרייט איינער מיטן צווייטן און מיט דער ליכטיקער זון. יודענעס פארוואונדעטער פוס איז אזוי פארקליאַקנעט געוואָרן, אַז אַ גאַנצן טאָג איז זי אָפּגעלעגן אף איין אָרט אפן פעלז.

אוג־לאָמי האט דערזען אף איינעם פון די פעלזן גרויסע, שפּיציקע קיזלשטיינער, אזוינע גרויסע, וואָס ער האט קיינמאל אין לעבן ניט געזען. עטלעכע שטיינער האט ער ארויסגעשלעפּט און האָט זיך גענומען זיי שאַרפן, ער זאל האבן א געווער קעגן אויאַן. פון איין שטיין האט אוג־לאָמי זייער שטאַרק געלאכט. יודענא האט אויך געלאכט, און זיי האבן זיך געשפּילט און געוואָרפן זיך מיט אים. אין דעם שטיין איז געווען א לאָך. זיי האבן אַריינגעשטעקט אין אים זייערע פינגער און האבן זיך ניט געקענט איינהאַלטן פון געלעכטער. דערנאָך האָבן זיי זיך גענומען קוקן איינער אַפן צווייטן דורך דער לאָך, וואָס אין שטיין. אוג־לאָמי האט געפונען עפּעס אַ שטעקן און צופעליק האט ער אים אריינגעשטעלט אינם שטיין. דער שטעקן איז אַריין אין לאָך פונם שטיין, און אוג־לאָמי האט אים שוין ניט געקענט ארויסשלעפּן פונדאָרט. דאס איז געווען זייער מאָדנע און אפילע שרעקלעך. אוג־לאָמי האט עטלעכע מינוט אפילע זיך מוירע געהאט צורירן צו דעם. ס'איז אויסגעקומען, אז דער שטיין האט זיך איינגעביסן אינם שטעקן מיט די ציין. נאר צוביסלעכווייס האט אוג־לאָמי זיך צוגעוואוינט און האט גענומען מאַכן מיטן שטעקן הין און צוריק. האט ער באַמערקט, אז מיט אַ שווערן שטיין אַפן עק גיט דער שטעקן שטאַרקערע קלעפּ. ער האט געהאלטן אין איין אַרומגיין מיטן שטעקן און קלאַפּן וואוהין ער האט געטראָפן. אַז ס'איז אים נימעס געווארן, האט ער אַ וואָרף געטון פון זיך דעם

שטעקן. פֿאַרנאַכט האָט ער אַרופֿגעקלעטערט אַף אַ ווייסן פֿעלז, ער האט זיך אַנידערגעלייגט און אָנגעהויבּן נאָכקוקן נאָך קראָ־ליקלעך, וואס האבּן זיך דארט געשפּילט. קיין מענטשן זיינען דאָ קיינמאל ניט געווען, און די קראָליקלעך האבּן פֿאַר אים ניט מוירע געהאַט. איינעם פֿון זיי האט אוג־לאָמי דערהאַרגעט מיט אן אָנגעשארפֿטן שטיין. באַנאַכט איז צו זיי ווידער געקומען צו כאָ־לעם אויאַ. אוג-לאָמי האט זיך געשלאָגן מיט אים, ער האט א כאַפּ געטון דעם שטעקן מיטן מאָדנעם שטיין און האט מיט אים דער־האַרגעט אויאַן. דערנאך זיינען געקומען אַנדערע כאלוימעס און עטלעכע מאל האט ער געהארגעט אויאַן. נאכדעם האט שוין דער שטיין מער ניט געוואָלט האלטן דעם שטעקן מיט די ציין.

אוג־לאָמי האט זיך אופגעכאַפּט אַ מידער און א פֿארצאָרנטער, און א גאנץ פֿרימאָרגן איז ער אַרומגעגאן א צעטראָגענער. אנ־שטאַט דעם ער זאל גיין אף געיעג, האט ער זיך גענומען שארפֿן דעם וואונדערלעכן שטיין, דערנאָך האט ער צוגעבּונדן מיט פֿאַ־סיקלעך פֿעל פֿונם קראָליק דעם דורכגעלעכערטן שטיין צום שטעקן און האט זיך גענומען ארומשפּאַנען איבּערן פֿעלז און גע־האלטן אין איין קלאפּן מיטן שטיין, וואָס ער זאָל ניט טרעפֿן. אוג־לאָמין איז געווען זייער באַקוועם האַלטן אין די הענט דאָס־דאָזיקע געווער.

עטלעכע טעג, מערער ווי מ׳האָט געקענט דענסטמאָל אויס־רעכענען, פֿינף טעג, און עפּשער זעקס, האָבּן אוג־לאָמי און יודענא פֿאַרבּראַכט אַפֿן פֿעלז בּאַם טייך. זיי האָבּן שוין מער פֿאַר קיין מענטשן ניט מוירע געהאט, און זייער פֿייער האָט געבּרענט אלע נאַכט. ס׳איז זיי געווען פֿריילעך אין צווייען. אַלע טאָג האבּן זיי געהאט וואָס צו עסן און וואַסער אף טרינקען און קיין סאָנים האָבּן זיי ניט געהאַט. יודענעס פֿוס האט זיך גיך פֿארהיילט און זיי זיינען געווען זייער גליקלעך.

איינמאָל האט אוג־לאָמי א וואָרף געטון פֿון פֿעלז אַ גרויסן קיזלשטיין, און אוג־לאָמי האט געזען ווי דער שטיין איז גע־

שפּרונגען איבּערן בּרעג און האָט זיך אַרײַנגעקײַקלט אין טײַך. אוג־לאָמי האָט זיך צעלאַכט און האָט א וואָרף געטון א צווייטן שטיין, און א גאַנצן פרימאָרגן האָבּן זיי אַזוי פאַרבּראַכט, וואַרפנ־דיק די קיזלשטיינער פונם סאַמע שפּיץ פעלז אַראָפּ. אף מאָרגן האָבּן זיי שוין פאַרגעסן דידאָזיקע שפּיל.

נאָר אויאַ פלעג זיי קומען אלע נאַכט צו כאָלעם און פלעג זיי פאַרשטערן זייער גליק. נאָך אזוינע כאלוימעס פלעג אוג־לאָמי ארומלויפן הין און צוריק און מאכן מיט דער האַק. און איין מאָל נאָך אַזאַ כאָלעם האָט אוג־לאָמי גענומען זיין האַק, געהייסן יודענען זיצן דאָ אוןווארטן אף אים, און אליין האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזן אַראָפּ מיטן ווייסן בּארג, האָט נאָכאמאָל אַ קוק געטון אף יודע־נען, אַ מאַך געטון מיט דער האַק און מער האָט ער זיך שוין ניט אומגעקוקט. ער איז אוועק מיטן בּרעג טייך בּיז ער איז פארשוואונדן געוואָרן הינטער די פעלזן.

צוויי טעג און צוויי נעכט איז יודענא געזעסן אַפן פעלז בּאם פייער און האָט געווארט אף אוג־לאָמין. אלע נאכט האָבּן כאַיעס געהיילט אינדערהייך אף די פעלזן און אונטן אין טאָל. די גאַנצע צייט האָט יודענא געווארט, און ווארטן איז אלעמאָל זייער שווער.

אַפן דריטן טאָג איז אוג־לאָמי געקומען צוריק, אין די האָר האָבּן בּא אים געשטעקט פעדערן פון אַ ראָבּ. זיין האַק איז געוועז פאַרפלעקט מיט בּלוט און ס'זיינען געהאַנגען אף איר לאנגע, שוואַרצע האָר. אין די הענט האָט ער געהאלטן דעם האלזבּאנד, וואָס אויאַס ווייבּ האָט שטענדיק געטראָגן. ער איז געגאנגען שטאָלץ איבּער דער ווייכער לאָנקע און האט זיך אפילע ניט געסטארעט פאַרווישן זיינע שפּורן. אויאַ! — האט מיט סימכע אַ געשריי געטון אוג־לאָמי, און יודענא האָט פאַרשטאַנען, אַז ס'האָט זיך אויסגע־לאָזט צו גוטן.

אוג־לאָמי האָט איר אָנגעטון דעם האַלזבּאַנד, און זיי האָבּן ווידער געגעסן און געטרונקען צוזאַמען. נאָכן עסן האָט אוג־לאָמי

זיך גענומען דערציילן אלץ, וואָס ס'איז פאָרגעקומען פון זינט אויאַ האָט געוואָרפן זיין אויג אף יודענען, און ווי אזוי אוג־לאָמי האָט זיך דערפאַר צונויפגעשטויסן מיט אויאַן אין וואלד, און ווי־אַזוי זיי זיינען דערנאָך ביידע אַנטלאָפן פאַרן בער. האָט אים ניט געקלעקט קיין ווערטער, איז ער אופגעשפרונגען, געמאכט מיט די הענט און אין ווילדן צאָרן געפאָכעט מיט דער האַק. אוג־לאָמי האָט זיך גענומען דערציילן וועגן דעם לעצטן שרעקלעכן געשלעג, טופּענדיק און שרייענדיק, און מיט אַזאַ קויעך האָט ער אַ זעץ געטון מיט דער האַק אינם שייטער, אַז פונקען זיינען זיך צע־פלויגן אין דער פינצטערער נאַכט ארײַן. און יודענא איז געזעסן באַם פייער, באגאָסן מיט רויטער שיין, און האָט געשלונגען אוג־לאָמין מיט די אויגן. דאָס פּאָנים האָט בא איר געברענט, די אויגן האָבן געגלאנצט און אפן האַלז האָט זי געטראָגן אויאַס האלז־באַנד.

---

## II. דער הייל-בער.

אין יענע צייטן, ווען יודענא און אוג־לאָמי זיינען אַנטלאָפן פון אויאַס שייוועט און זיי האָבן זיך באַהאַלטן צווישן די קרייד־פעלזן, דענסטמאָל זיינען מענטשן נאָך געווען ווייניק אין יענע ערטער. די כאַיעס, וואָס האָבן געוועלטיקט אין דעם לאַנד,—היפּאָ־פּאָטאמען און נאָזהאָרנס אין די טאָלן און טייכן, פערד אַף די לאָנקעס, הירשן און ווילדע כאזיירים אין די וועלדער, גרויע מאל־פּעס אף די צווייגן פון דיביימער,—האָבן ניט מוירע געהאַט פאַרן מענטשן, שוין אָפּגערעדט פון מאמאָנטן, וואָס האָבן גע־וואוינט אין די בערג, אָדער פון די עלפאַנטן, וואָס פלעגן אָנ־קומען אהער פון דאָרעם. און וואָס איז געווען די מוירע, אַז דער מענטש האָט גאָרנישט ניט געהאַט, אויסער שלעכט־אָפּגעשליפענע

קיזלשטיינער און, משטיינס־געזאָגט, הילצערנע שפּיזן. דאָס איז געווען דאָס איינציקע געווער, וואָס ער האָט געקענט אַרויסשטעלן אַנקעגן די טלאָען און הערנער, ציין און נעגל פון די כאַיעס.

דער ריזיקער הייל־בער אַנדו, וואָס האָט געוואוינט אין זיין הייל אויפן הויכן ברעג פון טייך, האָט פאַר זיין גאַנץ לאַנגן און קלוגן לעבן קיינמאָל קיין מענטשן ניט געזען. און אָט איינמאָל באַנאַכט, זוכנדיק שפּייז, איז ער געגאַנגען באַם ברעג פון אַ פעלז און האָט דערזען די שיין פון יודענעס שייטער און זי אליין, אַ רויטע און אַ שיינענדיקע, און אוג־לאָמין, וואָס איז אַרומגעלאָפן באַם שייטער הין און צוריק, און לעבן אוג־לאָמין זיין ריזיקן שאָטן, וואָס האָט איבערגעקרימט אלע זיינע באַוועגונגען. אוג־לאָמי האָט באַזונגען דעם טויט פון אויאַן און געפאָכעט מיט זיין שטיינערנער האַק — די ערשטע שטיינערנע האַק פונם מענטשן. דער הייל־בער איז געווען ווייט אין דער אייבערשטער טייל פונם טאָל און האָט דאָס אַלץ דערזען פון דער זייט און פונוויטנס. ס׳האָט אים אַזוי איבערראַשט, אַז ער איז געבליבן שטיין אויפן אָרט, ווי אַ צוגעוואַקסענער אויפן ברעג פונם פעלז־אָפּריס, האָט אַריינגעצויגן אין זיך דעם אומבאַקאַנטן רייעך פון ברענענדיקע פּאַפּאָראָטן און האָט בא זיך אַליין פאַרכידעשט געפרעגט: „עפּשער האָט דאָס מאָל די מאָרגן־שיין אַ טאָעס געהאַט און איז אופגעגאַן ניט דאָרט, וואו שטענדיק?״

ער איז געווען דער הערשער פון פעלזן און היילן, ער איז געווען דער הייל־בער, און זיין קלענערער ברודער גריזלי האָט געוועלטיקט אונטן אין די געדיכטע וועלדער, און דער געפלעקטער לייב — דער לייב איז אין יענע צייטן געווען אַ געפלעקטער — איז געווען דער הערשער אין די דאָרעמדיקע ווילדגעוויקסן, טשערעטן און סטעפּעס. אַנדו איז געווען דער שטאַרקסטער פון אַלע פליישפרעסער. ער האָט ניט געוואוסט, וואָס הייסט מוירע האָבן. קיינער האָט זיך ניט געיאָגט נאָך אים און קיינער האָט זיך אים ניט אַנטקעגנגעשטעלט. בלויז דער נאָזהאָרן איז אים געווען

ניט פאַר זיינע קויכעס. אַפילע דער מאמאַנט פלעגט אוועקגיין פון זיין געגנט. און אַט די נייע באַשעפענישן, וואָס זיי זיינען אַריינגעדרונגען אַהער, האָבן אים צעמישט די געדאנקען. ער האָט באַמערקט, אַז אַט די נייע כאַיעלעך זיינען ענלעך אַף מאַלפעס, און פונקט ווי באַ יונגע כאַזיירים איז אַף זייער קערפּער ווינציק האָר. „אַ מאלפּע און א כאזער, — האָט צו זיך אַליין געזאָגט דער הייל־בער, — דאָס דאַרף זיין ניט שלעכט, נאָר וואָס איז דאָס פאַר אַ רויטע שפּרינגנדיקע בלום, און יענע גרויסע שווארצע זאַך, וואָס שפּרינגט אַרום לעבן זיי?” קיינמאָל אין לעבן האָט ער אַזוינס ניט געזעען.

פאַמעלעך האָט ער זיך געלאָזן גיין צום פייער מיטן ברעג פונם פעלז־אָפּריס, דריי מאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט א קוק טון און אַ שמעק טון. דער רויך פונם פייער איז געוואָרן אלץ שטאַרקער און שטארקער. אַ פּאָר היענעס, וואָס האָבן זיך אויך פאַרקוקט אַף דערזעלבער אומגעוויינלעכער דערשיינונג, זיינען געווען אַזוי פארכאפּט, אז זיי האָבן ניט געהערט די שטילע טריט פון אנדו און זיי האָבן אים באמערקט ערשט, אז ער איז צוגעגאַנגען צו זיי. זיי זיינען באלד אָפּגעשפּרונגען אין א זייט, ווי פאַרשולדיקטע, און זיינען אַנטלאָפן און פונדערווייטן האָבן זיי זיך גענומען זידלען און קוויטשען און האָבן אויסגעלאָזן אַף אנדו זייער שרעק. „אר—כא—כא, — האָבן זיי געשריען, — ווער קאָן זיך אליין ניט אויסגראָבן קיין נאָרע, ווער שפּייזט זיך מיט וואָרצלען, ווי א כאזער?”

— ווּעמען שטייט דאָס אָן רעדן מיט היענעס, — האָט אנדו געבּרומט. ער האָט געקוקט אין זייער זייט דורך דער באנאכטיקער פינצטערניש און האָט זיך באַוועגט אלץ ווייטער צום פייער.

דאָרט איז געשטאַנען אוג־לאָמי און האָט נאָך אלץ דערציילט, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען, און דער פייער האָט געהאלטן באם אויסגיין, און דער רייעך פון סמאַלעניש איז געוואָרן אלץ שטאַרקער.

אַ שטיקל צייט איז אַנדו געשטאַנען אױפֿן ברעג פֿונם קרייד־פּעלז, געביטן די פֿיס און געשאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט צעעפֿנט זיין מויל, אָנגעשטעלט די אויערן און אריינגעשלעפּט די לופט מיט די נאָזלעכער פֿון זיין ריזיקן שוואַרצן קאָפּ. דער צאַנקענדי־קער פֿייער, די אומפֿאַרשטענדלעכע האַוואַיעס פֿון מענטשן, שוין אָפּגערעדט דערפֿון, וואָס מ׳האָט זיך אריינגעריסן אין זיין מעלוכע, דאָרט וואו ביז איצטער האָט ער אייגער אליין געוועלטיקט,—דאס אלץ האָט אַרויסגערופֿן באם בער אַ פּאָרגעפֿיל פֿון אומגעווייִנלעכע געשעענישן. דעם אַפּדערנאַכט האָט ער זיך געקליבן אַף געיעג נאָך אַ יונגער הירשן, נאָר, דערזעענדיק דעם מענטשן, האָט ער אָפּגעלייגט זיין פּלאַן.

— אר־אַ־כאַ־כאַ, — האָבן געקוויטשעט אונטער אים די היענעס.

בא דער שיין פֿון די שטערן האָט אַנדו דערזען, אַז איצט יאָגן זיך שוין צו אים אַ דריי, פֿיר היענעס. „זיי וועלן זיך שוין שלעפּן נאָך מיר פֿוס־טריט די גאַנצע נאַכט", — האָט אנדו אַ טראַכט געטון. און זיי אף צעלאָכעס האָט ער באשלאָסן שטיין דאָ און קוקן אף דער רויטלעכער שיין, וואס צאַנקט דאָ אין טאָל, שטיין און קוקן ביז די מאָרגן־שיין וועט פּאַרטרייבן די היענעס אַהיים.

אין אַ שטיקל צייט ארום זיינען זיי ניט געבליבן. ערגעץ פֿונדערווייטן פֿון די בוקסן־וועלדער זיינען אָנגעקומען אַהער זייערע קוילעס. נאָכדעם האָבן זיי זיך ווידער אונטערגעגאַנוועט. אנדו האָט אַ גענעץ געטון און איז אַוועק מיט די פֿעלזן, און די היענעס נאָך אים. האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און האָט זיך אויס־געקערעוועט אף צוריק.

ס׳איז געווען אַ גרויסארטיקע נאַכט. דער הימל האָט געשיינט און געפֿינקלט מיט שטערן. אינם אָפּענעם סטעפּ זיינען אומגע־לאָפֿן די היענעס. אין יענער זייט סטעפּ איז געווען אַ בוקסן־וואַלד, און ווייט פֿון הינטערן וואַלד האָבן זיך אופֿגעהויבן טונקל און סוידעסדיק די זייטן פֿון בערג מיט שניי־שפּיצן, ווייסע, קאַלטע און קלאָרע. ס׳איז אופֿגעגאַן די לעוואָנע, אין טאָל האָט

מען זי נאך ניט אויסגעזען, נאָר מיט די ערשטע שטראַלן אירע האָט זי שוין באַרירט די שפּיצן פֿון די בערג. אַרום און אַרום איז געווען אַ טויטע שטילקייט. און געשטערט האָט די שטילקייט פֿון צייט צו צייט נאָר דאָס קוויטשען פֿון די היענעס, און ווי דאָס שאַלן פֿון טרומייטן האָבן אָפּגעענטפֿערט פֿונדערווייטן קוילעס פֿון עלפֿאַנטן, וואָס זיינען ערשט אָנגעקומען אין דער געגנט.

אוג־לאָמי האָט אָנגעוואָרפֿן נאָך טרוקענעם פּאַפּאָראָט אינעם פֿייער און די שיין פֿונעם פֿייער האָט זיך צעהוידעט און איז געוואָרן נאָך רויטער. אוג־לאָמי האָט געענדיקט דערציילן און האָט זיך אַנידערגעלייגט שלאָפֿן, און יודענאַ איז נאָך אַלץ געזעסן און האָט זיך צוגעהערט צו די אומגעוויינלעכע שטימען פֿון די אומבאַקאַנטע כאַיעס און האָט זיך פֿאַרקוקט אויף דער טונקעלער מיזרעכדיקער זייט פֿונעם הימל, וואָס איז געווען אַלץ בלויער און שיינענדיקער.

אונטן ערגעץ האָט דער טייך געפֿירט זיין אייביקן געשפּרעך, און אומבאַמערקטע באַנאַכטיקע באַשעפֿענישן זיינען דאָ שטילערהייט אַרומגעלאָפֿן.

אַנדוּ איז געשטאַנען אַביסל, איז אַוועק צוריק און אין אַ מינוט אַרום האָט ער זיך אומגעקערט און, ווי ס'וואָלט אים איינגעפֿאַלן מיטאַמאָל אַ נייער געדאַנק, האָט ער זיך געלאָזן גיין אַרויף מיטן טאָל.

די נאַכט איז פֿאַרגאַנגען, און אוג־לאָמי איז נאָך אַלץ געשלאָפֿן. די לעוואָנע האָט זיך געהויבן אַלץ העכער און איר ווייסע סוידעסדיקע שיין האָט באַגאָסן דעם שאַרפֿן שפּיץ פֿונעם פֿעלז. דער טייך אין טאָל איז ערגעץ געלעגן אין דער פֿינצטער. צוביסלעכווייס האָבן זיך אָנגעהויבן צומישן צו דער לעוואָנע־שיין גרינגע אָפּגלאַנצן פֿון דער מאָרגן־שיין, וואָס האָט זיך פֿאַרנומען אינדערווייטן.

יודענאַ האָט זיך אַלעמאָל אומגעקוקט אויפֿן שפּיץ פֿונעם פֿעלז, וואָס איז געהאַנגען איבער איר קאָפּ. עפּעס האָט זי געהאַט אַזאַ

טונקעלן געפּיל, אַז דאָרט אַפן פעלז האָט זיך עפּעס אונטער־געגאַנוועט. דער רויטער פלאַם פונם פייער איז געוואָרן אַלץ טונקעלער און גרויער. דער זייל רויך איז געוואָרן אַלץ דייטלעכער, און אַלץ, וואָס מ׳האט פריער אין טאָל ניט אויסגעזען, איז געוואָרן קלאָרער אין דער בלייכער שיין פון קאַיאָר. יודענא איז אַנדרימלט געוואָרן.

פלוצלינג האָט זי זיך אופגעכאַפּט, זיך אויסגעגלייכט און אופמערקזאַם באַטראַכט דעם פעלז פון אונטן ביז אַרוף.

זי האָט שטילערהייט אַ געשריי געטון, און אוג־לאַמי, וואָס האט געהאַט אַ גרינגן שלאָף, ווי אַ כאיע, האָט זיך די מינוט אופגעכאַפּט. ער האָט אַ נעם געטון זיין האַק און זיך אַוועקגעשטעלט לעבן יודענען.

ס׳איז נאָך געווען גוט טונקל. די ערד איז געווען באַדעקט מיט שוואַרצע און טונקל־גרויע שאָטנס, און אַפן הימל האָט נאָך געשיינט דער לעצטער פאַרזאַמטער שטערן.

דאָס אָרט, וואו זיי האָבן זיך געפונען, האָט געהאַט באַ אַ זעקס פוס אינדערברייט און צוואַנציק אינדערלענג. פונדאַנען האָט זיך דער פעלז אַראָפּגעלאָזן צום טאָל, אָפּגעריסן אַף אַ פופציק פוס אין דער טיף, און האט זיך פארענדיקט אין געדיכטן ווילדגעוואוקס פון ניסביימלעך. אין דער צווייטער זייט איז געהאַנגען דער הויכער פעלז אף פערציק אָדער פופציק פוס אינדערהייך. יודענא און אוג־לאַמי זיינען געשטאַנען פאַרגליווערטע, ווי דערשראָקענע הירשן און האָבן געוואַרט. אַ פּאָר מינוט האָבן זיי גאָרנישט ניט געהערט. דערנאָך האבן זיי פונדערהייך דערהערט אַ גערויש פון אָפּגעקאָלופעטער ערד און אַ קנאַקן פון צווייגן.

אוג־לאָמי האָט געכאַפּט די האַק און איז צוגעגאנגען צום ברעג פונם פעלז, קעדיי זען, וואָס טוט זיך דאָרט אינדערהייך אפן פעלז. און פלוצלינג האָט אים פאַרקלעמט דאָס האַרץ פון שרעק. ער האָט דערזען דעם הייל־בער. דער בער האָט זיך פאמעלעך

אף צוריק־צו אראָפּגעלאָזן צו זיי אַף זיינע פּלאַטשיקע לאַפּעס. די־דאָזיקע לאַפּעס זיינען איצט געווען פּונקט איבער אוג־לאָמין. דער בער האָט זיך אַזוי איינגעקלאַמערט אין די שטיינער און אין די מאָגערע געוויקסן, אַז ס׳האָט זיך אויסגעוויזן, אז ער איז צוגעוואקסן צום פעלז. פון זיין גלאַנציקער מאָרדע ביז דעם קורצן אָפּגעהאַקטן ווײדל איז ער געווען אָנדערהאַלבן מאָל גרעסער פון אַ לייב און צוויי מאָל אַזוי די גרייס פון אַ דערוואָקסענעם מענטשן. ער האָט געקוקט איבערן אַקסל, זיין ריזיק מויל איז געווען צעעפנט און דער צונג אַרויסגעשטעקט.

אנדו האָט געזוכט אן אָנשפּאר פאר די פיס און האָט זיך לאַנגזאַם אַראָפּגעלאָזן נאָך אף איין יארד נידעריקער.

— אַ בער, — האָט אוג־לאָמי געזאָגט און האָט אָנגעהויבן זיך אַרומקוקן אַ דערשראָקענער און אַ בלאַסער.

יודענא האָט מיט שרעק אין די אויגן באַוויזן אראָפּ מיט די פינגער.

אוג־לאָמי האָט אַזש צעעפנט דאָס מויל: דאָרט אונטן איז געשטאַנען, אָנשפּאַרנדיק זיך מיט די לאַפּעס אַפן פעלז, נאָך אַ ריזיקער טונקל־גרויער קערפּער — אַ בעריכע. זי איז געווען קלענער פון אנדו, נאָר דאָך איז דאָס געווען אַ ריזיקע כאיע.

פּלוצלינג האָט אוג־לאָמי אַ געשריי געטון, האט אָנגעכאפּט אַ גרויס בינטל פּאפּאָראָטן און אריינגעוואָרפן אינם אויסגייענדיקן פייער. „ברודער־פייער, — האָט ער געשריען, — ברודער־פייער״. יודענא איז געקומען צו־זיך און האָט זיך גענומען העלפן אוג־לאָמין. „ברודער־פייער, העלף, העלף, ברודער־פייער!״

דער פייער איז נאָך געווען רויטלעך, און אַז זיי האָבן אָנגעוואָרפן אף אים פּארפּאָראָט, איז ער געוואָרן גרוי. „ברודער־פייער״,—האָבן זיי געשריגן מיט אלע קויכעס, און דער פייער האט זיך אויסגעלאָשן און ס׳איז געבליבן נאָר אַש. אוג־לאָמי האָט אין קאַס געטופּעט מיט די פיס און אַ זעץ געטון מיטן פויסט איבערן אַש. יודענאַ האָט זיך גענומען אויסשלאָגן פייער פון אַ קיזלשטיין,

און די גאַנצע צייט האָבן זיי ניט אַראָפּגענומען די אויגן פונם בער, וואָס האָט געפּויזעט אַף צוריק־צו אַראָפּ־באַרג. „ברודער־פּייער!“

פלוצלינג האָבן זיך באוויזן די האָריקע פיס פונם בער. דעם קאָפּ האט מען ניט אויסגעזעען, נאָר ס׳האָט זיך שוין געהערט זיין פאַרשטיקטער ברומען.

אָט האט יודענא אויסגעשלאָגן אַ פונק און קען אים ניט צע־בלאָזן. דער פונק האָט אַ פלאַם געטון און איז פארלאָשן געוואָרן. יודענא האט אַ וואָרף געטון דאָס פייער־געצייג און האָט אָנגע־הויבן ארומקוקן זיך אין אלע זייטן, ווי אַ צעמישטע. דערנאָך האָט זי אַ שפּרונג געטון, זיך ארופגעקראַבקעט אף אַ יאַרד, אָדער צוויי אַרוף אפן פעלז. ווי אזוי האָט זי זיך דאָ איינגעהאלטן איין מינוט אַפילע, איז שווער צו פארשטיין, ווייל דער פעלז איז געווען גראָד ווערטיקאַל און אַפילע אַ מאַלפּע וואָלט דאָ ניט געהאַט פאַר וואָס זיך אָנהאלטן. יודענא האָט זיך אַראָפּגעגליטשט צוריק מיט צעבלוטיקטע הענט. אוג־לאָמי האט זיך ווילד געוואָרפן הין און צוריק, ער האט ניט געוואוסט, וואָס צו טון. די בעריכע האָט אויסגעוויזן אַסאך קלענער פונם בער. ווען זיי ביידע, אוג־לאָמי און יודענא, וואָלטן מיטאַמאָל זיך אַ וואָרף געטון אף דער בעריכע אַראָפּ, וואָלט איינער פון זיי עפּשער ארויס אַ לעבע־דיקער.

— אוך! — האָט אַ ברום געטון דער הייל־בער.

אוג־לאָמי האָט זיך אויסגעקערעוועט און האָט דערזעען זיינע קליינע אייגעלעך.

יודענא האָט זיך צוגעטולעט צום ברעג פונם פעלז און האָט געקוויטשעט, ווי אַ געפּאַנגענער קראָליק. פון דעם קוויטש איז אוג־לאָמי אַראָפּ פון זינען. מיט אַ שרעקלעכן געשריי האט ער אַ כאַפּ געטון די האַק און זיך אַ וואָרף געטון אַף אנדו. אין איין רעגע האָט אוג־לאָמי זיך אָנגעכאַפּט פאר אַ קושטש פונקט איבערן בער, און נאָך אין אַ סעקונדע ארום איז ער שוין געהאַנ־

גען אַפן בערס רוקן, זיך איינגעטולעט אין זיין פעל און מיט איין האַנט זיך אָנגעכאַפּט פאר די געדיכטע האָר, וואָס אונטער דער כאיעס קינבאַק. דער בער איז אזוי צעמישט געוואָרן פון דעמדאָזיקן אָנפאַל, אַז ער האָט זיך אפילע ניט געקענט באַשיצן. ער האָט זיך נאָך פעסטער איינגעקלאַמערט אין די קושטשעס, און פּלוצלינג האָט די האַק, די ערשטע מענטשישע האַק, זיך אַראָפּגעלאָזן אַף זיין שאַרבן. דער בער האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און האָט הויך און צאָרנדיק אָנגעהויבן רעווען. די האַק האָט אים צעשפּאָלטן די פעל ניט ווייט פונם לינקן אויג און די בלוט האָט אים געשטערט זען פון דער זייט. דער צעווילדע־וועטער און פאַרכידעשטער בער האָט נאָכאמאָל אַ רעווע געטון און אַ קנאַק געטון מיט די ציין לעבן אוג־לאָמיס פּאָנים. די האַק האָט זיך נאָכאַמאָל אופגעהויבן און האָט זיך אראָפּגעלאָזן אפן בערס קינבאַק. דער דריטער זעץ האָט אויסגעשלאָגן דעם רעכטן אויג און האט ארויסגערופן אַ ווילדן רעווע, איצט שוין פון ווייטיק. יודענא האָט דערזען, ווי דעם בערס גרויסע, פּלאַטשיקע לאַפּעס האָבן זיך אַ גליטש געטון אַראָפּ. פּלוצלינג האָט דער בער לעפיש אַ שפּרונג געטון אין אַ זייט, און אַלץ איז פאַרשוואונדן געוואָרן. ס'האָט זיך דערהערט אַ טרישטשען פון צווייגן, געשרייען און ברו־מען פונם בער.

יודענא איז מיט אַ קלאָג צוגעלאָפן צום ברעג פונם פעלז און האָט אראָפּגעקוקט אראָפּ. אַף איין מינוט האָט זיך איר אויס־געוויזן, אז דער מענטש און ביידע בערן האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין קופּע. דערנאָך איז אוג־לאָמי אָפּגעשפּרונגען אין אַ זייט און האָט אָנגעהויבן קלעטערן אַרויף. און די בערן האָבן זיך גע־קייקלט און געשלאָגן זיך איינער מיטן צווייטן אין די ניסביימ־לעך. אוג־לאָמי האָט ערגעץ געלאָזן די האַק, און דריי בלוטיקע פּאַסן זיינען געלאָפן איבער זיינע פיס.

— אַרויף! — האָט ער אַ געשריי געטון, און באַלד האָט יודענא גענומען קלעטערן אפן שפּיץ פונם פעלז.

אין אַ האַלבער מינוט אַרום האָבן זיי שוין ארופגעקלעטערט אַפּן פעלז. זייערע הערצער האָבן זיך געוואָרפן. נאָר איצט זיינען זיי שוין געווען אויסער געפאַר, ווייל אנדו און זיין ווייב זיינען ערגעץ ווייט אונטערן פעלז. אנדו איז געזעסן אף די הינטערשטע לאַפּעס און האָט געאַרבעט מיט די פעדערשטע. מיט גיכע, פאַר־צווייפלטע באַוועגונגען פון זיינע לאַפּעס האָט ער געוואָלט אויס־ווישן די פאַרבלענדטע אויגן. די צעווילדעוועטע בעריכע איז גע־שטאַנען אף אלע פיר אַביסל ווייטער און האָט בייז געברעוועט. אוג־לאָמי האָט זיך אַ וואָרף געטון אפן גראָז, פאַרגראָבן דעם פּאָנים אין די הענט און איז געלעגן מיט שווערן אָטעם און האָט זיך באַגאָסן מיט בלוט.

יודענא האָט נאָכאַמאָל אַ קוק געטון אף די בערן, דערנאָך איז זי צוגעגאַנגען און האָט זיך געזעצט לעבן אוג־לאָמין און האָט פון אים די אויגן ניט אַראָפּגענומען.

דערנאָך האָט זי אויסגעצויגן די האַנט, פון דער גרינג זיך צוגערירט צו אים און ארויסגעלאָזן אַ גאָרגל־קלאַנג, וואָס האָט באַטייט אוג־לאָמיס נאָמען. ער האָט זיך אויסגעקערעוועט צו איר און זיך אָנגעשפּאַרט אַף דער האַנט. זיין פּאָנים איז געווען בלאַס, ווי באַ אַ שטאַרק־דערשראָקענעם מענטשן. איין מינוט האָט ער באַטראַכט יודענען און האָט זיך פּלוצלינג צעלאַכט.

אוּאָף! — האָט ער אַ געשריי געטון מיט ניצאָכן.

— אוּאָף, — האָט זי אַ געשריי געטון.

אַ פראָסטער שמועס, נאָר מיט אַ גרויסן מיין.

דערנאָך איז אוג־לאָמי אופגעשטאַנען, האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אף די קני לעבן יודענען און, שטייענדיק אַף אלע פיר, האָט ער אַ קוק געטון איבערן פעלז־אָפּריס אַף דעם טייך אין טאָל. זיין אָטעם איז געוואָרן געמאָסטענער, און די בלוט פון זיין פּוס האָט אופגעהערט גיסן. אוג־לאָמי האָט זיך גענומען אופמערקזאַם באַטראַכטן די שפּורן פון דעם בער, און יודענא האָט שווייגנ־דיק געקוקט אף אים.

אָט איז ער אופגעשטאַנען און האָט זיך געלאָזן גיין צו זייער פריערדיקן אָרט. יודענאַ איז אים נאָכגעגאַנגען פוס־טריט. דאָרט האָבן זיי אופגעהויבן זייער פייער־געצייג, און אוג־לאָמי האָט שטאַרק פאָרזיכטיק זיך אַראָפּגעלאָזן אַראָפּ פונם פעלז און האָט דאָרט אויסגעזוכט זיין האַק. זיי האָבן זיך שטילערהייט אומ־געקערט אַפן פעלז און זיך געלאָזן אין וועג אריין. דאָ האָבן זיי מער ניט געקענט בלייבן. יעדער רעגע האָבן זיי זיך דאָ געקענט ריכטן אַף זייערע געפערלעכע שכיינים. אוג־לאָמי האָט געטראָגן די האַק, און יודענא — דאָס פייער־געצייג.

זיי זיינען אַוועק ארויף מיטן וואַסער באַם ברעג טייך. מיט דעם וועג האָבן זיי געקענט אָנשפּאַרן גלייך צו דעם בער אין הייל אריין, נאָר קיין אנדער וועג האָבן זיי ניט געהאַט. אראָפּ מיטן וואַסער איז געווען דער לאַגער־פּלאַץ פון זייער שייוועט, און אוג־לאָמי האָט דאָ געהאַרגעט אויאַן און אואַון, און קעדיי האָבן וואַסער אַף טרינקען, האָבן זיי ווילנדיק—ניט־ווילנדיק זיך געמוזט האַלטן מיטן ברעג. אפן וועג האָבן זיי קיינעם ניט באַ־געגנט, אויסער די שפּורן פונם בער, וואס זיינען געלאָפן אַפן ברעג פון פעלז. און פּלוצים זיינען די שפּורן פאַרשוואונדן געוואָרן. אוג־לאָמי האט פארקערעוועט אף לינקס. פּלוצלינג זיינען זיי אָנגעקו־מען צו אַן אָרט, וואו דער פעלז האָט זיך אָפּגעוואלגערט און האָט פאַרצאמט דעם טייך. דער טייך האָט זיך צעגאָסן. דער אָפּוואַלגער איז שוין פאַרגעקומען לאַנג. דאָס אָרט איז געדיכט פארוואקסן געוואָרן מיט גראָז, נאָר אין איין אָרט איז אַ גרויסע האלבקיילעכיקע שטרעקע געבליבן פריש און ווייס, ווי אין דעם ערשטן טאָג, ווען דער פעלז האָט געפּלאַצט און זיך אַראָפּגע־גליטשט אַראָפּ. צופוסנס פונם פעלז זיינען געווען עטלעכע היילן. אוג־לאָמי און יודענא זיינען געשטאַנען און האָבן מוירע געהאַט זיך אַ ריר טון פונם אָרט. זיי האָבן גערעכנט, אז דאָ ער־געץ, וואו זיי דאַרפן פארבייגיין, איז די הייל פונם בער, און פּלוצלינג האָבן זיי דערזען פריער איינעם, און דערנאָך דעם

צווייטן בער. אנדו איז געגאנגען פּאָרויס, אביסל געהונקען אַף זיין פעדערשטן פוס. ער האָט געהאַט אַ פּאַרצאָרנטן אויסזען, און נאָך אים האט זיך געשלעפּט די בעריכע.

יודענא און אוג־לאָמי האָבן אפדערגיך זיך אָפּגערוקט און אַוועק אזוי ווייט, אז קאם וואס זיי האָבן ארויסגעזעען די בערן. דאָ האט אוג־לאָמי זיך אָפּגעשטעלט. יודענא האָט אים אַ ריס געטון פאר דער האַנט, נאָר ער האָט זיך צו איר אויס־געקערעוועט און אַזוי אַ קוק געטון אף איר, אז זי האָט די מינוט אַראָפּגעלאָזן זיין האַנט. אוג־לאָמי איז געשטאַנען מיט דער האַק אין האנט און האָט נאָכגעקוקט נאָך די בערן אַזוי לאנג, ביז יענע זיינען פארשוואונדן געווארן אין איינער פון די היילן. ער האָט פאר זיך שטילערהייט עפּעס אַ ברום געטון און אַ מאַך געטון מיט דער האַק. און אנשטאט גיכער צו אנטלויפן פונדאַנען, האָט אוג־לאָמי זיך אנידערגעלייגט אַף דער ערד און שטילער־הייט אַף אלע פיר גענומען זיך באַוועגן פּאָרויס צום טייך ביז דעם אָרט, פונוואַנען מ׳האָט אויסגעזעען די היילן. יודענא האט דאָס אָנגעקוקט מיט גרויס שרעק. דאָס זיינען דאָך בערן, און אוג־לאָמי האַלט זיך אזוי רואיק, ווי ער וואָלט נאָכגעשפּירט קראָ־ליקעס.

ער איז געלעגן אומבאוועגלעך אונטערן שאָטן פון ביימער, ענלעך אף אַ קלאָץ, וואס דאָס וואסער וואַרפט אַרויס אפן ברעג. ער האָט געטראַכט, און יודענא האט שוין זייער לאַנג געוואוסט, נאָך פון זינט זי איז געווען אַ קליין מיידעלע, אז אוג־לאָמי ליגט אַזוי שווייגנדיק מיטן קין אף די קולעקעס און טראכט, הייסט דאָס, אז ס׳וועט פּאָרקומען עפּעס אויסערגעוויינלעכס.

אַ גאַנצע שאָ איז ער געלעגן און געטראַכט. נאָר ביז האַלבן טאָג איז די ווילדע פּאָר צוגעגאַנגען צום פעלז־אָפריס, וואס איז געהאנגען איבער דער הייל פון די בערן.

ביז פארנאכט האבן זיי פלייסיק געארבעט איבער אַ ריזיקער קרייד־שטיק. קיין אַנדער אינסטרומענט, אויסער זייערע פעסטע

מוסקולן, האָבן זיי ניט פאַרמאָגט און פונדעסטוועגן האָט זיך זיי איינגעגעבן צושלעפּן די קרייד־שטיק פון דעם בערגל, וואו זי האט געשטעקט אזוי ווי אַ צאָן, וואָס שאָקלט זיך ביזן אָפּריס. די קרייד־שטיק האָט געהאַט גוטע צוויי יאַרדן אין אומפאַנג, די הייך ביז יודענעס ברוסט, אַ טומפּ־ווינקלדיקן, באַזעצט מיט שאַרפע קיזלשטיינער, און אז די זון איז פאַרגאַנגען, איז זי שוין געלעגן אַפן סאַמע אָפּריס איבער דער הייל פון די שרעקלעכע בערן.

אין הייל האָט די בעריכע געריזעט אַ ביין, און אנדו האָט פלייסיק געלעקט זיין לאַפּע און האָט מיט איר געפירט איבערן פּאָנים, קעדיי אָפּקילן דעם ברענענדיקן ווייטיק אין זיינע צעיאַ־טערטע וואונדן. די זון האָט מיט וואַרעמע שטראַלן פאַרגאָסן דעם גרינעם אַראָפּ־באַרג, וואָס פאַר דער הייל.

אנדו איז צוגעגאַנגען צום ארויסגאַנג פון הייל, אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ און האָט גענומען באַטראַכטן די ברעג־פעלזן. מיט זיין גאַנצן אויג האָט ער געקוקט אף דער פארנאכטיקער זון און האָט געגענעצט.

איבערן קאָפּ האט ער מיטאמאָל דערהערט עפּעס אַ גערויש. אַ גרויסע קרייד־שטיק האט זיך אָפּגעריסן אינדערהייך פונם פעלז און איז אַראָפּגעפאַלן פּונקט פאר זיין נאָז און זיך צעבראָכן אף קליינינקע שטיקעלעך. אנדו האט זיך זייער דערשראָקן.

אַז ער איז אַביסל געקומען צו זיך פון דערשרעק, איז ער צוגעגאנגען און האָט נייגעריק אָנגעהויבן באשמעקן די אראָפּגע־פאַלענע קרייד־שטיקער. עפּעס האָבן זיי געהאט אַזאַ רייעך, וואס האט דערמאנט יענע צוויי מיעסע כאַיעלעך אפן פעלז. אנדו האָט זיך אוועקגעזעצט, אַ ריר געטון מיט דער לאַפּע די גרעסטע שטיק און דערנאך זי באטראכט פון אַלע זייטן: וואו איז דאָ ערגעץ דער מענטש?

און אַז די נאַכט איז געקומען איז אנדו אוועק אראָפּ־צו מיטן טאָל פונם טייך אַ קוק טון, עפּשער וועט ער ערגעץ טרעפן די איינוואוינער פונם פעלז. אפן פעלז איז געווען ליידיק, קיין סימען

ניט פון יענער רויטער באשעפעניש. אנדו איז זייער הונגעריק געווען, איז ער גלייך אוועק אף געיעג. ער האָט באלד פאַרגעסן די מיעסע כאַיעלעך. אינגיכן האָט אנדו געפונען אַ יונגע אינד, נאָר לעבן איר איז געווען איר מאַמע, וואס האט זיך געפרואווט באַשיצן איר קינד. אנדו האָט שוין געוואָלט לאָזן זי צורו, נאָר די צעהיצטע מוטער האט זיך געוואָרפן שלאָגן, און אנדו האט איר דערלאַנגט אין פּאָנים אַריין און האט זי איינגענומען. דאס פלייש איז געווען ניט שטאַרק יונג, נאָר אסאך, און די בער־כע האט אויך באקומען אַ ביילעק. אָבער וואָס קאן דאס זיין?

אַפן צווייטן אָוונט איז ווידעראַמאָל, פונקט ווי נעכטן, אראָפּ־געפאַלן אַ שטיק ווייסער פעלז און האָט זיך צעבראָכן אף קליינע שטיקלעך.

אַפן דריטן מאָל, דאָס איז געווען אין אַ טאָג אַרום, האָט מען שוין בעסער געצילעוועט. די פעלז־שטיק האט געפיקט גלייך אין דעם נאַרישן קאָפּ אנדוס, און מיט אזא קנאַק, אז ס׳האט אָנגע־הויבן ליאַרעמען צווישן די פעלזן, און ווייסע שטיקלעך זיינען זיך צעפלויגן אין אַלע זייטן. פון הייל איז אַרויס די בעריכע און האָט נייגעריק באשמעקט אנדון. עפּעס איז אנדו געלעגן פארן הייל אַזוי מאָדנע, מיט אַ פייכטן, צעקוועטשטן קאָפּ. די בע־ריכע איז נאָך געווען יונג און ניט דערפאַרן, האָט זי באשמעקט אנדון, אים אַרומגעלעקט און באשלאָסן אים לאָזן צורו, ביז ס׳וועט אים איבערגיין און דערווייל איז זי אליין אוועק אף געיעג.

זי איז אוועק זוכן די יונגע אינד, וואס איר מוטער האָבן זיי מיט צוויי טעג צוריק פאַרצוקט, און אינגיכן האט זי זי געפונען. נאָר ס׳איז געווען אומעטיק אַפן געיעג אָן אנדו און זי האט זיך אומגעקערט פרי אַהיים. ס׳האָט נאך אף טאָג ניט שאַריעט. דער הימל איז געווען גרוי און פארצאָרנט. די ביימער, וואס ארוף מיטן טייך־טאָל — שוואַרץ און ניט היימלעך, און אין איר בערי־שער נעשאָמע האָט זיך אָנגעהויבן רירן אַ טונקעלער פאָרגעפיל פון אומגעוויינלעכע און שרעקלעכע געשעענישן. זי האָט אָנגע־

הויבן רופן אנדון. די ברעגן פונם טייך האבן איר אָפּגעענטפערט מיט אַ ווידערקאָל.

אַז זי איז צוגעקומען צו דער הייל, האָט זי דערזעען אין דער־פינצטער אַ פּאָר שאַקאַלן, וואָס האָבן זיך געלאָזן לויפן בּאַ איר אָנקומען. דערנאָך האט זיך צעהיילט אַ היענע. עפּעס אַ טוץ לעפישע פיגורן האבן זיך געלאזן לויפן אַרוף, זיך אָפּגעשטעלט אינדערהייך און שפּאָטיש געקוויטשעט:—„הערשער פון פעלזן און היילן, או-א־כאַ״,—האט זיך צעטראָגן מיטן ווינט. דער טונקעלער פּאָרגעפיל פון דער בּעריכע האט אָנגענומען קלאָרע פאָרמען. זי איז אפדערגיך צוגעלאָפן צו דער הייל. „או־אַ־כאַ״,—האָבן געשריגן, אָפּטרעטנדיק, די היענעס און נאָכאַמאָל „או־אַ-כאַ״.

דער הייל־בער איז שוין געלעגן אין אן אנדער פּאָזע. די היענעס האָבן אים שוין פיין באַאַרבּעט. אין איין אָרט האבן זיך שוין אַפילע אויסגעזעען זיינע ווייסע ריפּן. אַרום און אַרום אַפן גראָז האבן זיך געוואַלגערט די צעפּלויגענע שטיקלעך פון די דריי גרויסע קרייד־שטיקער. די לופט איז געווען אָנגעזאַפּט מיטן רייעך פון טויט.

די בעריכע האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ פאַרכידעשטע. אַפילע איצט האָט זיך איר ניט געגלויבט, אז איר גרויסער פּרעכטיקער אַנדו איז טויט. מיטאַמאָל האָט זי פונדערהייך דערהערט עפּעס אַ קלאַנג, אַ מאָדנער קלאַנג, אַביסל ענלעך אַף דעם געשריי פון דער היענע, נאָר פולער, מיט אַ נידעריקערן טעמבּר. די בעריכע האָט אַ קוק געטון ארוף. אירע קליינע אייגעלעך, פאַרבּלענדעטע פון קאַיאָר־שיין, האָבן זייער שלעכט געזעען. אירע נאָזלעכער האָבן געציטערט. דאָרט אַפן ברעג פונם פעלז־אָפּריס, זייער הויך, אַפן פּאָן פון דער העל־ראָזער פּארטאָג־שיין, האָט זי דערזען עפּעס אַזוינע צווייי האָריקע, קיילעכיקע און טונקעלע זאַכן: דאָס זיינען געווען יודענעס און אוג־לאָמיס קעפּ, וואָס האָבן פון איר כויזעק געמאַכט, און כאָטש זי האט זיי ניט גוט געזען, האט זי דערהערט זייערע שטימען, און עפּעס אַ טונקעלע שרעק האט זי

פאַרכאַפּט. אַ נייער געפיל פון אומפאַרמיידלעכע און אומבאַוואוסטע
אומגליקן האָט זיך אין איר האַרץ ארייַנגעגאַנוועט.
זי האָט זיך גענומען באַטראַכטן די צעוואָרפענע קרייד־שטיי־
נער, וואָס זייַנען געלעגן אַרום אַנדו. אַ ווײַלע איז זי געשטאַנען
אומבאַוועגלעך, געקוקט אין אַלע זייטן און ארויסגעלאָזן אַ נידע־
ריקן, אויסגעצויגענעם רעווע, קימאַט אַ קרעכץ, און נאָכדעם האָט
זי זיך אומגעקערט צו אַנדו און האָט דעם לעצטן מאָל געפּרוּווט
אים אופוועקן.

---

# III. דער ערשטער רייטער.

ביז אוג־לאָמין האָבן מענטשן און פערד נאָך קיינמאָל קיין
באַגעגעניש ניט געהאַט. זיי האָבן געלעבט באַזונדער. די מענטשן—
באַ די טייכן און די ווילדוואַוקסן, און די פערד—אויף די גרוימע,
גראָזיקע סטעפּעס צווישן קאַשטאַן־ביימער און סאָסנעס. ס'פלעגט
זיך מאַכן, אַז אַ פערד האָט פאַרבלאָנדזשעט און פלעגט טרעפן
אין די זומפּן, וואָס האָבן אים פאַרצוימט דעם וועג. נאָר די שפּייַז
איז דאָ געווען אָרעם, און דער פערד פלעג אַוועק פונדאַנען. און
ס'פלעג זיך מאַכן, אַז מענטשן האָבן אַמאָל געפונען אַ פערד
פאַרצוקט פון אַ לייב, פלעגן זיי אָפּיאָגן די שאַקאַלן און האָבן
געהאַט אַ סודע ביז די זון איז פאַרגאַנגען.
אַלע פרילינג, ווי נאָר די גראָז איז אויסגעוואַקסן אויף די ני־
דעריקע שטרעקעס, פלעגן די פערד אָנקומען אַהער, אויף צאָפּן־
מאַירעוו, באַלד נאָך די שוואַלבן און אַביסעלע פריער פאַר די
היפּאָפּאָטאַמען. זיי האָבן זיך געהאַלטן אין קליינע טאַבונען, וואָס
זייַנען באַשטאַנען פון איין ע ר, אַ צוויי, דריי שקאַפּעס מיט לאָ־
שעקלעך. ווי נאָר די קאַשטאַנען האָבן אָנגעהויבן געל ווערן און
די וועלף האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן פון די בערג, זייַנען די פערד־

טאַבונעו אַוועק צוריק. געוויינלעך פלעגן די פערד זיך פאַשען אַף אָפענע ערטער, און נאָר אין גרויסע היצן האָבן זיי געזוכט אַ שאָטן. זיי פלעגן אויסמיידן די גרויסע בוקסן־וועלדער און די געדיכטע ווילדוואוקסן פון דערנער. אַמערסטן האָבן זיי זיך געהאלטן אַף אזוינע ערטער, וואו ס׳זיינען געוואקסן קליינע גרופעס ביימער. דאָ האָבן זיי זיך געפילט זיכער און האבן קיין מוירע ניט געהאַט פאַר אַן אומגעריכטן אָנפאַל. צוגיין צו זיי אומבאַמערקט איז געווען שווער, אַף אנדערע כאַיעס פלעגן די פערד ניט אָנפאַלן. זייערע קאָפיטעס און ציין זיינען זיי צונוץ געקומען אין די געשלעגן צווישן זיך. אין די אָפענע שטרעקעס האָט קיין איין לעבעדיק באשעפעניש ניט געקענט אָניאָגן קיין דערשראָקענעם פערד, סיידן אַן עלפאַנט, און פארן מענטשן האָט אין יענער צייט קיינער קיין מוירע ניט געהאט.

די פערד האבן נאָך דעם קלענסטן פאָרגעפיל ניט געהאַט פון דער שרעקלעכער קנעכטשאַפט, וואָס איז זיי געווען באשערט אַף שפעטער. זיי האָבן נאָך אַפילע ניט געטראכט פון די בייטשן, שפאָרן און צוימען, וועגן שווערע מאַסאָעס און שמוציקע גאַסן, וועגן הונגעריק לעבן און שכיטע־הייזער—פון די אַלע גוטע זאַכן, וואָס האָבן פאַרביטן די ווייטע גראָזיקע לאָנקעס און זייער פרייהייט—האָבן זיי נאָך דעמאָלט ניט געוואוסט.

אף די בלאָטיקע ברעגן פון זייער טייך איז אוג־לאָמין און יודענען קיינמאָל ניט אויסגעקומען זען אַ פערד פונדערנאָענט. נאָר איצט, אַז זיי האָבן פארלאָזן זייער באַהעלטעניש אַפן פעלז און האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט און געזוכט עסן, האָבן זיי יעדער טאָג זיך באגעגנט מיט פערד.

אַז אנדו איז שוין געווען טויט, האָבן זיי זיך אומגעקערט — יודענא און אוג־לאָמי—צוריק אפן פעלז. פאַר דער בעריכע האָבן זיי שוין קיין מוירע ניט געהאַט. פאַרקערט, די בעריכע האָט אָנגעהויבן פאר זיי מוירע האָבן און ווי נאָר זי האָט זיי דערשמעקט פונדערנאָענט, האָט זי גענומען דעם וועג. אוג־לאָמי און יודענא

זיינען שטענדיק געווען צוזאַמען. פון זינט זיי האָבן פאַרלאָזן זייער־שייוועט, איז יודענא געווען פאַר אוג־לאָמין דער איינציקער פריינט. זי האָט זיך אויסגעלערנט אַפילע גיין אַף געיעג, אַף וויפל ס׳איז נאָר מעגלעך געווען פאַר אַ פרוי. אוג־לאָמי איז שאָענווייס דורכאנאנד געלעגן און אונטערגעהיט כאַיעס אָדער צוגעטראַכט נייע מיטלען פארן געיעג, און יודענא איז געשטאַנען לעבן אים און האָט פון אים ניט אַראָפּגענומען אירע בלישטשנ־דיקע אויגן.

אינדערהייך אַפן פעלז איז געווען אַ גרויסע לאָנקע. נאָך איר זיינען געגאנגען בוקסן־וועלדער, און אַף יענער זייט וועלדער זיינען געלעגן אָפענע פעלדער. די גראָזן אין די פעלדער האָבן זיך געוויגט אַפן ווינט, און דאָ האָט מען אָפט געקאנט טרעפן פערד. דאָ, באַם ארויסגאַנג פון וואַלד, זיינען געווען אסאך נאָרעס פון קראָליקעס. אוג־לאָמי און יודענא זיינען געלעגן מיט זייערע שליידערשטיינער און האָבן געוואַרט, אַז די קראָליקעס זאָלן אַרויס שטשיפּען די גראָז און זיך שפּילן אינם זון־פארגאנג. איז יודענא געזעסן שטיל־שווייגנדיק און האָט די אויגן ניט אַראָפּגענומען פון די קראָליקלעכס נאָרעס, און אוג־לאָמי האָט די גאַנצע צייט געקוקט דורך די גרינע בלעטער אף די וואונ־דערלעכע אומבאקאנטע כאַיעס, וואָס האָבן זיך ארומגעדרייט איבער דער לאָנקע.

ס׳איז אים געפעלן געוואָרן זייער גראַציע, געשיקטקייט און געשווינדקייט. אין די אָונטן, ווען די זון האָט זיך געזעצט און די באַטאָגעדיקע היץ איז לינדער געוואָרן, האָבן די פערד זיך אופ־געמונטערט, זיך געיאָגט איינס נאָכן צווייטן, געהירזשעט און געטרייסלט מיט די גריוועס. זיי זיינען געלאָפן אין גרויסע קרייזן און אָפטמאָל פלעגן זיי אויסקומען אַזוי נאָענט צו אוג־לאָמין, אַז זייער טופען האָט געקלונגען, ווי דאָס קייקלען פון אַ דונער. דאָס איז געווען אַזוי שיין, אַז אוג־לאָמין האָט זיך אויך געגלוסט שפּרינגען צוזאַמען מיט זיי. ס׳פלעג זיך מאַכן, אז איינער פון די

פערד האָט זיך גענומען קאַטשען איבערן גראָז, פאַרייסנדיק אַרויף אַלע פיר קאָפּיטעס.

דאָס איז שוין געווען שרעקלעך און ס'איז שוין ניט אזוי שטאַרק געפעלן געוואָרן אוג־לאָמין.

אומקלאָרע פאנטאזיעס זיינען געבוירן געוואָרן אין אוג־לאָמיס קאָפּ, בעשאַס ער האָט נאָכגעקוקט די פערד, און דערווייל האָט זיך איינגעגעבן א פּאָר קראָליקעס לעבן ליינגער אביסל. אין כאָלעם זיינען אוג־לאָמיס פאַנטאזיעס געוואָרן באשטימטער און דרייסטער. ס'האָט זיך אים געכאָלעמט, אז ער גייט צו נאָענט צו די פערד, מיט זיין שליידערשטיין ווערט ער זיך אָפּ אַנקעגן זייערע קאָפּיטעס, און מיטאמאָל זיינען די פערד שוין געוואָרן מענטשן, אָדער מענטשן מיט פערדישע קעפּ, און אוג־לאָמי כאַפּט זיך אוף באַגאָסן מיט אַ קאלטן שווייס פון שרעק.

אינדערפרי, אז די פערד האָבן זיך געפּאשעט, האט איין שקאפע זיך צעהירזשעט און דער גאַנצער טאבון האָט באַמערקט אוג־לאָמין, וואָס איז געגאַנגען צו זיי אַנקעגן דעם ווינט. אלע פערד האָבן אופגעהערט עסן און האבן געקוקט אף אוג־לאָמין. אוג־לאָמי איז ניט מיטאמאָל צוגעגאַנגען, ער האָט אָנגעהויבן אין אלאכסן איבערהאקן די לאָנקע און בעשאַסמאַיסע האָט ער געקוקט אף וואָס איר ווילט אין דער וועלט, נאָר ניט אף די פערד. אין זיינע פּארפלאָכטענע האָר האָט ער אַריינגעשטעקט דריי פאפּאָראָט־בלעטער. דאס האט אים צוגעגעבן א מאָדנעם אויסזען, און געגאַנגען איז ער זייער פאמעלעך.

איינער פון די יונגע לאָשעקלעך האָט געמאכט אן אומרואיקע באוועגונג. אוג־לאָמי האט זיך אַראָפּגעלאָזן אף די דיבקעס, ער איז געזעסן און געקוקט גלייך אף די פערד. אינגיכן האט ער זיך איבערצייגט, אז די פערד טראכטן אַפילע ניט פון אנטלויפן און פון פיינטלעכע ארויסטרעטונגען קעגן אים טראכטן זיי אויך ניט. האט ער אָנגעהויבן טראַכטן, וואס וועט ווייטער זיין. אין די הענט האט ער געהאַלטן זיין האַק.

יודענאַ האָט מיט דערשרעק און מיט באַגייסטערונג נאָכגעקוקט אוג־לאָמין דורך די פאַפאָראָטן. זי האָט דערזען, אַז אוג-לאָמי האט פלוצלינג גענומען קריכן אַף אלע פיר, נאָר די פערד האָבן, אַפאָנים, אים בעסער געוואָלט זען א צווייפיסיקן, איידער א פירפיסיקן. דער עלטסטער פון טאַבון האט פאַרוואָרפן דעם קאָפ און געגעבן א סיגנאַל אין וועג אריין. אוג־לאָמי האט שוין געמיינט, אַז די פערד זיינען אינגאנצן אנטלאָפן געוואָרן, נאָר ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן נאָך דער יאָגעניש, וואס האט געדויערט באַ זיי א מינוט, אַז די פערד האבן געמאַכט א ברייט קרייז, זיך אומגעקערט צוריק און האבן זיך אָפגעשטעלט. אזוי ווי אוג־לאָמי איז געווען באַהאַלטן אונטער א קליין בערגל, האבן די פערד זיך אויסגעשטעלט איינער אונטערן צווייטן און, אונטער דער אָנפירונג פונם עלטסטן, האבן זיי פאָרזיכטיק גענומען ציען צום בערגל.

אוג־לאָמי האט ניט געוואוסט, אף וואָס מ׳קען זיך ריכטן פון פערד, און די פערד האבן ניט געוואוסט, אף וואס דער מענטש איז פייאיק. פלוצלינג האָט יודענאַ דערזען, אז אוג־לאָמי איז אופגעשפרונגען און צוגעלאָפן צו איר מיט די פאַפאָראָט-בלעטער אין די הענט.

זי איז אויך אופגעשפרונגען, נאָר אוג־לאָמי האט אויסגעשטעלט די ציין און האָט זיך צעלאכט, קעדיי ווייזן, אַז אַלץ וואס דאָ איז געווען, איז נאָר א וויץ און אַלץ איז דא פאָרגעקומען אזוי, ווי ער האט זיך פריער פאָרגעשטעלט. מיט דעם האט זיך פאַרענדיקט די געשעעניש, נאָר אוג־לאָמי איז א גאנצן טאָג געווען פארקלערט.

אַף מאָרגן האט זיך איבערגעכאזערט דאָסזעלבע. דער עלטסטער פונם טאַבון האט באשלאָסן, אז דער מענטש מיינט גאָרניט קיין שלעכטס טון. נאָר אינדערעמעסן האָט אוג־לאָמי, דער ערשטער מענטש, וואָס האָט דערפילט א מאָדנעם כיישעק צו פערד, א כיישעק, וואס נאָך ביז איצט האלט ער זיך באַם מענטשן,

דער אוג־לאָמי האָט באַטראַכט א גרויסע זאַך. פריער איז אים געווען אויפגעקומען א געדאנק צו דערהארגענען איינעם פון די פערד, זיי זאָלן אים נאָר צולאָזן נעענטער אביסל צו זיך. נאָר די פערד האבן זיך די גאַנצע צייט געהאלטן פונדערווייטנס און אַפּאָנים האט דאָס, אַז דער אויפן, מיט וועלכן אוג־לאָמי האָט בלינד געמאַכט אנדון, האט אים אַרופגעפירט אַפן געדאַנק, ער זאָל אַרופשפרינגען אַפן רוקן צו איינעם פון די פערד. שפּעטער אַביסל איז יודענאַ צוגעשטאַנען צו אוג־לאָמין און צוזאַמען האָבן זיי געפירט דעם געיעג, נאָר ס'האָט זיך זיי גאָרניט ניט איינגעגעבן.

אין איין שיינעם טאָג איז אוג־לאָמין אופגעקומען אַ נייער געדאַנק. אַ פערד קוקט דאָך אַלעמאָל נאָר אַראָפּ און קיינמאָל ניט אַף ארוף. א גאַנצן טאָג האט ער אָפּגענודעט, זיצנדיק אַף א בוקסן־בוים, וואָס איז געוואקסן אין מיטן דער לאָנקע, און יודענאַ האָט דערווייל געכאפּט פייגלען מיט א נעץ. באַטאָג, געוויינלעך, אין דער היץ, פלעגן די פערד זיך באַהאַלטן אין שאָטן פון א בוקסן־בוים. נאָר פונקט דעם טאָג ווי אַף צעלאָכעס איז דער הימל געווען א וואָלקנדיקער און די פערד זיינען צום בוים ניט צוגעגאַנגען, כאָטש יודענא האָט זיך געסטאַרעט מיט אַלע קויכעס זיי פאַרטרייבן אַהער.

ערשט אין צוויי טעג אַרום האָט אוג־לאָמי אויסגעפירט, וואָס ער האָט געוואָלט. דער טאָג איז געווען אַ הייסער, און די פליגן האבן זיך שטאַרק איינגעגעסן. די פערד האָבן געשטשיפּעט גראָז ביז האַלבן טאָג און דערנאָך האבן זיי זיך פארזאַמלט אינם שאָטן פונם בוקסן־בוים פונקט אונטער אוג־לאָמין. דאָ האבן זיי זיך אויסגעשטעלט פּאָרלעכווייס מיט די קעפּ צום בוים און זיינען זיך געשטאַנען אזוי רואיק און געפּאָכעט מיט די ווידלען.

דער עלטסטער פונם טאַבון איז געשטאַנען נעענטער פון אַלע צום בוים, פלוצלינג האָט זיך דערהערט פונדערהייך א געריש, א סקריפּען פונם בוים און דערנאָך א זעץ. א שאַרפער קיזלשטיין האָט אַ דראַפּע געטון דעם עלטסטן פונם טאַבון איבערן קינבאַק.

דער עלטסטער פונם טאַבון איז אַ פאַל געטון אַף איין קני, איז אופגעשפרונגען און האָט זיך געלאָזן לויפן, ווי דער ווינט. איינדערלופטן האט א פייף געטון, ווי א ווייכר, ס׳האָבן אָנגעהויבן קלאַפן קאָפיטעס, ס׳האט זיך דערהערט אן אומרואיק הירזשען. אוג־לאָמין האט אונטערגעוואָרפן איינדערלופטן, דערנאָך אַראָפ און נאָכדעם ווידער אַרויף, ס׳האָט אים שרעקלעך געשלאָגן איבערן בויך, ביז ס׳האָט זיך אים איינגעגעבן עפעס צונויפדריקן מיט די קני, און אזוי, איינגעקלאַמערט מיט קני, הענט און פיס, האָט אוג־לאָמי זיך געטראָגן אין א ווילדן געלויף, און נאָר די לופט האָט געפייפט אים אין די אויערן. אינם געלויף איז די האַק אוג־לאָמיס ערגעץ ניט געוואָרן. „האַלט זיך שטאַרקער״,—האט אים אונטערגעזאָגט זיין אינסטינקט.

ער האָט געפילט, אז געדיכטע, האַרטע האָר שמייסן אים איבערן פאָנים, טרעפן אים אין די ציין אַריין. די גרינע לאָנקע איז געשווינד ערגעץ אַנטלאָפן פון אונטער די פיס. אוג־לאָמי האָט געזעען די גרויסע, גלאַנציקע פלייצע פון דעם עלטסטן אינם טאַבון. ער האָט געזען, ווי פליסיק ס׳באַוועגן זיך די מוסקולן אונטער זיין פעל, ער האט באַמערקט, אַז זיין האנט האַלט ארומגענומען דעם האַלז פונם פערד, און אינם שרעקלעכן ווילדן געלויף איז פאַראַן עפעס א געמאָסטענער ריטם.

אינם סאַמע ברען פונם ווילדן גאַלאָפ האט אוג־לאָמין אַרײנגעטראָגן צווישן ביימער־שטאַמען, און ווידער זיינען אַוועק פאַפאָראָטן, און ווידער אן אָפענע, מיט גראָז פארוואקסענע שטרעקע. און דערנאָך האט א גאַנצער רעגן שטיינדלעך גענומען שפריצן אין אַלע זייטן פון אונטער די געשווינדע פערדישע קאָפיטעס. אוג־לאָמי האט דערפילט, אַז ער איז שרעקלעך מיד און דער קאָפ פאַרדרייט זיך אים, נאָר ער איז געווען ניט פון די, וואס דערשרעקן זיך פאַר אַזוינע קלייניקייטן.

אוג־לאָמי האט זיך ניט איינגעשטעלט צענעמען די הענט, נאָר פאָרט האט ער געפרואווט אביסל באַקוועמער זיך איינמאָסטען.

ער האָט אָפּגעלאָזן דעם האַלז און איז געפֿלויגן ווייטער, האַלטנדיק זיך פֿאַר דער גריווע. אַרויסרוקנדיק די קני פֿאָרויס, האָט ער זיך אַ רוק געטון אַף צוריק און האט זיך אוועקגעזעצט באַקוועמער, דא איז געווען ברייטער צו זיצן. ס'איז געווען זייער רידיקאַל, אָבער אוג־לאָמין האט זיך דאס איינגעגעבן, און איצט איז ער געזעסן רייטנדיק ווי געהעריק, אַביסל ניט זיכער און פֿאַרסאַפּעט, נאָר דערפֿאַר האָט ער שוין ניט געפֿילט די שרעקלעכע שטויסן אין בויך אַריין.

צוביסלעכווייס איז ער איינגאַנצן געקומען צו די געדאַנקען. ס'האט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דער געלויף איז שרעקלעך, נאָר צוביסלעכווייס איז אנשטאט דעם מעשוגענעם שרעק אופגעקומען א געפֿיל פֿון עפּעס א גרויסער פֿרייד.

אינם פּאָנים האט געבלאָזן די וואונדערלעכע צאַרטע פֿרילינגלופט, דער ריטם פֿון לויפֿן האט זיך געביטן. זיי האבן זיך געיאָגט איבערן גרינעם גראָז, איבערן ברייטן סטעפּ מיט בוקסן־ביימער. צווישן די ביימער האָט זיך געשליינגלט א זאַפּטיקער פּאַס גרינס, באַזייט מיט רויזן־בלומען, ערטערווייס האט געזילבערט און געגלאַנצט א וואסער, און ווייט, ווייט האט געבלויט א טאָל. דער פֿרייד־געפֿיל איז געוואקסן, דער מענטש האט דעם ערשטן מאָל אויסגעפּרואווט דעם שיינעם פֿאַרגעניגן פֿון רייטן.

זיי זיינען געפֿלויגן איבערן ברייטן סטעפּ. ווי פֿלעקן האבן דורכגעשווינדלט לויפֿנדיקע הירשן. אַ פּאָר שאַקאַלן, וואס האָבן אַף אַ מינוט אָנגענומען אוג־לאָמין פֿאר א לייב, האבן זיך אַפּדערגיך געלאָזן לויפֿן נאָך אים. דערנאָך האבן די שאקאַלן דערזען, אַז דאָס איז ניט קיין לייב, און זיינען פֿאָרט נאָכגעלאָפֿן, שוין גלאַט אַזוי, פֿון נייגעריקייט וועגן. דער פֿערד האָט זיך געיאָגט אַלץ גיכער, אַלץ געשווינדער, ער האָט נאך אַלץ געמיינט, אַז ס'וועט זיך אים איינגעבן אַנטלויפֿן, און נאָך אים מיט אָנגעשטעלטע אויערן זיינען געלאָפֿן די שאקאַלן און, לויפֿנדיק, האָבן זיי זיך איבערגעוואָרפֿן מיט באַמערקונגען: „ווער וועמען פֿאַר־

צוקט? — האָט דער ערשטער שאַקאַל געזאָגט, — ער פאַרצוקט דעם פערד" — האט געענטפערט דער צווייטער. און זיי האָבן אָנגעהויבן היילן, ווי ס'היילן שאקאלן, וואס יאָגן זיך נאך פאַנג, און דער פערד האָט זיי געענטפערט מיט דעם הירזשען, מיט וועלכן אַ פערד ענטפערט איצטער אף שפאָרן.

ווי אַ קליינער שטורעם־ווינט האָבן זיי זיך געטראָגן אינם שטילן טאָג, דערשרעקנדיק פייגלען, אופהייבנדיק מילע־מיליאַסן בייזע פליגן, פאַריאָגנדיק אין די נאָרעס דערשראָקענע כאיעלעך, טאָפּטשנ־דיק פרידלעכע, בליענדיקע געוויקסן. ווידעראַמאָלביימער און דערנאָך אַ פליוכען פון וואסער, און פלוצלינג איז פון גראָז פון אונטער דעם פערדס קאָפּיטעס אַרויסגעשפרונגען אַ האָז, און די שאַקאַלן זיינען די מינוט אָפּגעשטאנען.

דער עלטסטער פונם טאַבון האָט שוין לאַנג פרעסירעט זיין ווילדן געלויף. אוג־לאָמי איז אינגאַנצן געווען צעשלאָגן און ער האָט ניט געוואוסט מיט וואָס וועט זיך דאָס ענדיקן. און פאָרט האָט ער געפילט אַ ווילדן פאַרגעניגן. דער עלטסטער פונם טאַבון האָט געמאַכט אַ קורצן קרייז און האָט זיך פלוצלינג אָפּגעשטעלט ווי אַ צוגעוואַקסענער.

אוג־לאָמי האָט זיך אָנגעשפיצט. איצט האָט אים באַנק געטון, וואָס ער האָט ניט מיט זיך קיין קיזלשטיין. זיין שליידערשטיין, וואָס ער האט שטענדיק מיט זיך געטראָגן, איז אינם געלויף צו־זאַמען מיט זיין האק ערגעץ פאַרשוואונדן געוואָרן. דער פערד האָט אויסגעקערעוועט דעם קאָפּ, און אוג־לאָמי האט דערזען איין אויג און די ציין פונם פערד. ער האָט אונטערגעבויגן די פיס אַזוי, אז דער פערד זאָל ניט דערלאנגען מיט די ציין, און האָט אַ זעץ געטון דעם עלטסטן פונם טאַבון מיטן פויסט איבערן קינ־באַק. דעם פערדס קאָפּ איז ווידעראמאָל ניט געוואָרן, ערגעץ פאַרשוואונדן געוואָרן. נאָר דער רוקן, אַף וועלכן אוג־לאָמי איז געזעסן, איז אָבער מיטאַמאָל אונטערגעשפרונגען אינדערלופטן. ווידעראַמאָל האָט דער אינסטינקט אים אונטערגעזאָגט, אַז ער

זאָל זיך שטייפֿער האלטן, און ער האָט זיך געהאַלטן מיט קני און מיט פֿיס, און ס׳האָט זיך אים שוין אויסגעוויזן, אַז אָט פֿליט ער מיטן קאָפּ אַראָפּ אַף דער ערד, נאָר זיינע פֿינגער האָבן זיך איינגעפֿלאָכטן אין דער פֿערדישער צעקאָשמעטער גריווע, און אָט די קרעפֿטיקע האַרטהאָריקע גריווע האָט אים געראַטעוועט. דעם פֿערדס קערפּער האָט זיך ווידער אַראָפּגעלאָזט, און נאָך איידער דעם פֿאַרכידעשטן אוג־לאָמין האָט זיך איינגעגעבן אַ געשריי טון „כאָפּ!“, איז ער שוין געווען אַף אַ צווייטן בארג־אַראָפּ, נאָר אוג־לאָמי איז אַף טויזנטער דוירעס געווען נעענטער צו אַן אוראַל־טער כאַיע, איידער צו אַ איצטיקן מענטשן. קיין מאַלפּע וואָלט זיך ניט געקאָנט אזוי האלטן, ווי ער.

אין איינע פֿינף מינוט האָט אוג־לאָמי איבערגעלעבט אַ גאַנץ לעבן. ער איז זיכער געווען, אז זאָל ער נאָר אַראָפּפֿאַלן, וועט דער פֿערד אים אַפֿן אָרט דערהאַרגענען, נאָר דער עלטסטער פֿון טאַבון האָט באַשלאָסן זיך אומקערן צו זיין אלטער טאַקטיק, און אומדערוואַרט איז ער אַריבער אין גאַלאָפּ. ער האָט זיך געיאָגט אַראָפּ־באַרג אַלץ פֿאָרויס און פֿאָרויס. אָט האָבן זיי זיך אַראָפּ־געלאָזט אַראָפּ, און דער ברייטער וויטער טאָל איז ערגעץ פֿאַר־שוואונדן געוואָרן פֿון די אויגן. אַ דעמבענער וואלד און געדיכטע דערנערגעוויקסן האָבן פֿאַרשטעלט דעם טאָל. אָט טראָגן זיי זיך באַ אַ ברעג פֿון אַ באַרג־גראָבן, דער באַרג־גראָבן איז פֿאַרגאָסן מיט פֿרילינגדיקער וואסער און ווילד פֿאַרוואַקסן מיט עפּעס אַזוינע זילבערנע קושטשעס. דער באָדן איז געוואָרן ווייכער און די גראָז העכער. רעכטס און לינקס זיינען צעוואָרפֿן קושטשעס פֿון ווייסדאָרן *), באַשאָטענע מיט פֿאַרשפּעטיקטע קווייטן. די קור־שטשעס זיינען געוואָרן אַזוי געדיכט, אַז די צווייגן האָבן געשמיסן איבערן פֿערד און איבערן רייטער. אינגיכן האָבן קליינע טראָפּנס בלוט באדעקט אי דעם פֿערד, אי דעם מענטשן, און דערנאָך האָט זיך ווידער געעפֿנט אַ ברייטער וועג.

*) Боярышник.

און דאָ איז פאָרגעקומען אַן אומגעוויינלעכע געשעעניש. פון מיטן די קושטשעס האָט זיך פּלוצלינג דערהערט אַ ווילדער געשריי פון בייזן צאָרן, עפּעס אַ געשריי פון אַ ביטער־באַליידיקטער באַשעפעניש. און פונהינטן האט זיך באַוויזן אַ גרוי־בלויע מאַסע, ברעכנדיק צווייגן מיט אַ קנאַקעריי. דאָס איז געווען יאַאַאַ, דער גרויסהאָרנדיקער נאָזהאָרן, וואָס איז אָנגעפאַלן אף זיי, ווי געוויינלעך, אַז ס׳קומט אַף אים פּלוצלינג אָן אַ מעשוגענע בייזקייט. מ׳האָט אים אָפּגעריסן אינמיטן עסן, און דערפאַר מוז שוין עמעצער, סייווי ווער, צעריסן און צעטאָפּטשעט ווערן. ער איז אָנגעפאַלן פון לינקס. זיינע קליינע בייזע אייגעלעך האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט, זיין האָרן איז געווען אַראָפּגעלאָזן אַראָפּ און דעם ווידל האָט ער געהאַלטן אינדערהייך, ווי אַ פאָן.

איין מינוט האָט אוג־לאָמי אַ טראַכט געטון זיך אַראָפּגליטשן פון פערד און זיך באַהאַלטן, נאָר דאָס אָפּגעריסענע קלאַפּן פון די פערדישע קאָפּיטעס איז געוואָרן געשווינדער און דער נאָזהאָרן, וואָס איז קאם געלאָפן מיט זיינע קורצע פיס־קלעצלעך, האָט אָנגעהויבן פאַרשוואונדן ווערן פון אוג־לאָמיס אויגן. אין אַ צוויי מינוט אַרום זיינען זיי שוין געווען אין יענער זייט קושטשעס פון ווייסדאָרן און האָבן זיך געטראָגן געשווינד איבערן אָפענעם פעלד.

און דער נאָזהאָרן איז ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן, אַזוי ווי קיינמאָל ניט געווען. אָן אופהער האָבן זיי זיך געטראָגן אַלץ ווייטער און ווייטער.

אוג־לאָמי איז געווען פול מיט פרייד פון ניצאָכן און די פרייד פון ניצאָכן פלעגט מען אין יענע צייטן אויסדריקן מיט זידל־ווערטער. „אַ־אַ גראָבער נאָז״!—האָט ער געשריען, און האט זיך געסטאַרעט אויסקערעווען אַ קוק טון אַפן נאָזהאָרן, וואָס האָט זיך איצט אויסגעזען, ווי אַ קליינינקער פלעק, — „פאַרוואָס טראָגסטו ניט דיין שליידערשטיין אין האַנט?״—האָט ער פאַרענדיקט מיט אַ ווילדן הוקען.

נאָר דאָסדאָזיקע הוקען, וואָס האָט אזוי אומגעריכט דערלאַנגט צום פערדישן אויער, דערדאָזיקער ווילדער געשריי אוג־לאָמיס האָט דערשראָקן דעם עלטסטן פון טאַבון. דער פערד האָט זיך אַ שליידער געטון אין אַ זייט. אוג־לאָמי האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז ס'איז אים זייער ניט באקוועם. ער האָט דערפילט, אז ער הייגט איינגעקלאַמערט אין דעם פערד מיט איין האנט און מיט אַ קני.

דער געלויף האָט זיך געענדיקט ניט זייער אנגענעם. פאַר אוג־לאָמיס אויגן האט זיך אופגעשפרייט דער בלויער הימל, נאָר דאָס קוקן אפן הימל איז אָנגעקומען ניט מיט שטאַרק אנגענעמע פיזישע געפילן, ביז עפעס אַ דאָרנביימל האט אזוי שטייף אַרומגעכאַפּט אוג־לאָמין, אַז ער האָט זיך אַראָפּגעוואַלגערט פונם פערד. ער האָט זיך אַ זעץ געטון אין דער ערד מיטן באַק און מיט דער פלייצע און נאָכדעם, נאָך אַ גאַנצער ריי קונציקע און אומגעוויינלעך געשווינדע באוועגונגען, האָט ער נאָכאַמאָל אָפּגעזעצט דעם רוקן. ס'האָבן זיך אַ שאָט געטון פונקען פון די אויגן. ס'האט זיך אויסגעוויזן, אז די ערד שפרינגט אונטער אים, פונקט ווי פריער דער פערד. ער האָט דערזען, אַז ער זיצט אַף דער ערד; פונקט פאַר אים איז אַ לאָנקע און וואָס ווייטער, אַלץ גרינער איז די לאָנקע. אַף דער לאָנקע זעען זיך עפעס עטלעכע מענטשישע פיגורן, און דער פערד שפרינגט אין געשווינדן גאלאָפּ ערגעץ ווייט שוין מיטן וועג פון דער רעכטער זייט.

די מענטשן, וואָס אוג־לאָמי האָט זיי דערזען, זיינען געשטאַנען אַפן ברעג פון יענער זייט טייך. עטלעכע פון זיי זיינען געווען אין וואַסער, נאָר איצט האָבן זיי זיך אַלע אַ לאָז געטון לויפן מיט אַלע קויכעס. דאָס אָנקומען פון אַן אומגעהייער באַשעפעניש, וואָס איז זיך צעפאַלן אַף צוויי טיילן — דאָס איז געווען אַזאַ נייס, אַז ס'האָט געלוינט אַ טראַכט טון וועגן דעם. אַ פּאָר מינוט איז אוג־לאָמי אַזוי געזעסן, זיך אומגעקוקט אין אלע זייטן, פונקט ווי אים גייט דאָס גאָרניט אָן. דער טייך, דאָס בערגל

צווישן טשערעט און פּאַפּאָראָטן, דאָס דינע רויכל, וואָס הייבט זיך צום הימל־צו — דאָס אַלץ איז אים שטאַרק באַקאַנט געווען. דאָס איז געווען דער לאַגער־פּלאַץ פון די זין פון אויאַ, דער אויאַ, פון וועלכן ער איז אַנטלאָפן צוזאַמען מיט יודענען, וועלכן ער האָט אונטערגעהיט אין קאַשטאַן־וואַלד און האָט אים געהאַרגעט מיט דער ערשטער מענטשישער האַק.

אוג־לאָמי איז אופגעשטאַנען. אין קאָפּ האָט נאָך באַ אים געזשומעט פונם פאַלן, און די מענטשן, וואָס זיינען זיך צעלאָפן אין אַלע זייטן, האָבן זיך אויסגעקערעוועט און אַ קוק געטון אַף אים. אַנדערע פון זיי האָבן געוויזן אַפן פערד, וואָס איז אינדערווייטן געפלויגן, און האָבן עפּעס געפּילדערט.

אוג־לאָמי האָט זיך פּאַמעלעך געלאָזן גיין צו די מענטשן. ער האָט פאַרגעסן דעם פערד און זיינע ווייטיקן פונם פאַלן. ס'האָט אים שטאַרק פאַרינטערעסירט די באַגעגעניש. איצט איז אַסאַך ווייניקער מענטשן ווי פריער (אוג־לאָמי האָט אַ טראַכט געטון, אַז די איבעריקע האָבן זיך באַהאַלטן). די קופּע בלעטער פאַרן באַנאַכטיקן פייער איז אויך געווען ניט אַזוי הויך ווי אַמאָל. לעבן דער קופּע שטיינער וואָלט געדאַרפט זיצן אואַו, נאָר מיטאַמאָל האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער אַליין האָט דאָך אים געהאַרגעט, דעם אואַו. אַז אוג־לאָמי איז פּלוצלינג אַריינגעפאַלן אין די באַקאַנטע ערטער, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דער טאָל, די בערן און יודענאַ זיינען ערגעץ אַזוי ווייט, אַזוי ווי ער וואָלט זיי אַמאָל געזעען אין אַ כאָלעם.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אַפן ברעג און געקוקט אַף די מענטשן פון זיין שייוועט. זיינע מאַטעמאַטישע פייאיקייטן זיינען געווען גאַנץ שוואַכע, נאָר ס'איז קלאָר געווען, אַז דער שייוועט איז שטאַרק פאַרקלענערט געוואָרן. די מענער האָבן געקענט ערגעץ אַוועקגיין, אָבער פרויען און קינדער איז אויך געווען ווייניקער. אוג־לאָמי האָט אַרויסגעלאָזן אַ באַגריסונג־געשריי. ער האָט זיך דאָ געקריגט נאָר מיט אויאַ און אואַו, און מיט די

איבעריקע ניט. „קינדער פון אויאַ"! האָט ער געשריִען. זיי האָבן אים געענטפערט, אָנגערופן זיין נאָמען, נאָר, דעם עמעס זאָגנדיק, האָבן זיי אַביסעלע מוירע געהאַט. זיי האָבן זיך דערשראָקן פאַר דעם אומגעוויינלעכן אָנקומען פון אוג־לאָמין.

אַ שטיק צייט האָבן זיי גערעדט צווישן זיך, דערנאָך האָט די אַלטע אַ געשריי געטון מיט אַ קוויטשיקן קאָל:

— אונזער הערשער איז דער לייב!

אוג־לאָמי האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס זי רעדט. האָבן עט־לעכע מענטשן אָנגעהויבן צו אים שרייען:

— אויאַ קומט צו אונז אַלע מאָל. ער קומט אינם אויסזען פון אַ לייב, אונזער הערשער, דער לייב! ער קומט בײַנאַכט און האַרגעט ווען ער וויל, אָבער עמעצער אַנדערש, אוג־לאָמי, טאָר זיך ניט דערוועגן אונז האַרגענען. מער טאָר אונז קיינער ניט האַרגענען.

אוג־לאָמי האט אַלץ ניט פאַרשטאַנען.

— אונזער הערשער איז דער לייב, קיינמאָל רעדט ער שוין מיט אונז ניט.

אוג־לאָמי איז געשטאַנען און געקוקט אף זיי. ס'האָט זיך אים אַמאָל געכאָלעמט, אַז ער האָט געהאַרגעט אויאַן, און פונדעסט־וועגן לעבט ער נאָך. און איצט זאָגן זיי אים, אַז אויאַ איז גע־וואָרן אַ לייב.

די צעקנייטשטע אַלטינקע, די היטערן פונם פייער, האָט זיך פּלוצלינג אויסגעקערעוועט און האָט שטיל עפּעס אָנגעהויבן רעדן מיט די, וואָס זיינען געשטאַנען לעבן איר. זי איז טאַקע געווען אַן אַלטע. דאָס איז געווען די ערשטע ווייב פון אויאַ, און ער האָט זי געלאָזט לעבן לייגער ווי ס'קומט געוויינלעך, אַז אַ פרוי זאָל לעבן. די אַלטע איז געווען אַ בייזע, האָט געקענט געפעלן ווערן אויאַן און קריגן שפּייז. און נאָך איצט האָט זי געהאַט אַ גרויסע דייע. זי האָט שטילערהייט גערעדט, און אוג־לאָמי האָט פון יענער זייט טייך מיט נייגער, מיט עקל געקוקט אַף איר צעקנייטשטן פּאָנים, דערנאָך האָט זי אַ געשריי געטון:

— קום צו אונז, אוג־לאָמי!

פלוצלינג האָט איינס אַ מיידל הויך אַ געשריי געטון:

— גיי אַריבער צו אונז, אוג־לאָמי!

און אַלע האָבן זיי אָנגעהויבן שרייען:

— גיי אַריבער צו אונז, אוג־לאָמי!

אַלעמענס באַציאונג צו אוג־לאָמי האָט זיך שטאַרק געביטן, פון זינט די אלטע האָט אים אַ רוף געטון.

ער איז געשטאַנען אַף איין אָרט און האָט אַף זיי אַכטונג געגעבן. ס'איז געווען אנגענעמען, וואָס זיי רופן אים, און דערצו נאָך איז דאָס מיידל, וואָס האָט אים די ערשטע אַ רוף געטון, געווען אַ שיינע. נאָר זי האָט אים דערמאָנט אין יודענען.

— גיי אַריבער צו אונז, — האָבן זיי אַלע געשריען, און די צעקנייטשטע אַלטינקע האָט געשריען העכער פון אלעמען. עפּעס איז געווען אין איר קאָל אַזוינס, וואָס האָט ניט דערלאָזן אוג־לאָמין ער זאָל זיך אָפּרופן.

ער איז געשטאַנען אַפן ברעג טייך, — ער, אוג־לאָמי, אוג־לאָמי דער דיינקער, און פאַמעלעך האט אים אָנגעהויבן ווערן ליכטיק אין די געדאַנקען. אף יענעם ברעג האָבן אנדערע אופגעהערט שרייען, און האָבן געוואַרט, וואס וועט ער טון, אוג־לאָמי, און ער האָט נאָך אלץ באַ זיך ניט געפּויעלט: צי זאָל ער גיין צוריק, צי זאָל ער אַריבערגיין צו זיי. נאָר אויסגעפירט האט די שרעק זיינע אָדער די פאָרזיכטיקייט.

אוג־לאָמי האָט זיי גאָרניט געענטפערט און איז אוועק צוריק אין דער זייט פון די דערנער־קושטשעס מיט דעמזעלבן וועג, וואָס דער פערד האָט אים געבראַכט אַהערצו. און ווידעראַמאָל האָט דער גאַנצער שייוועט אָנגעהויבן אים רופן. אוג־לאָמי האָט זיך אָפּגעשטעלט און האָט ניט געוואוסט, וואס צו טון, זיך אויס־געקערעוועט און נאָכאַמאָל אוועק, און ווידער זיך אויסגעדרייט און מיט טרויעריקע אויגן געקוקט אף די, וואס האבן אים גע־רופן. ער האָט שוין געמאַכט אַ פּאָר טריט אַף צוריק, נאָר די

שרעק האָט אים אָפּגעשטעלט. אף יענער זייט טייך האָט מען דערזען, ווי אוג־לאָמי האָט זיך נאָכאמאָל אָפּגעשטעלט און פּלוצלינג האָט ער טרייסל געטון מיטן קאָפּ און איז פאַרשוואונדן געוואָרן אין די דערנער.

דענסטמאָל האָבן פרויען און קינדער אלע מיטאמאָל אָנגעהויבן שרייען און רופן, נאָר ס'האָט זיי שוין גאָרניט געהאָלפן.

און פונדערווייטן, אַראָפּ מיטן טייך, וואו דאָס ווינטל האָט געהוידעט דעם טשערעט, איז אַן אַלטער לייב געלעגן אין זיין באַהעלטעניש. ער האָט זיך פאַרליבט אין מענטשיש פלייש, און דערפאַר האָט ער זיך געמאַכט אַ באַהעלטעניש ניט ווייט פון דעמדאָזיקן נייעם שפּייז.

די אַלטינקע האָט זיך אויסגעקערעוועט מיטן פּאָנים צו דער זייט פון דער באַהעלטעניש, און, אָנווייזנדיק מיט דער האַנט אַף דערנער־געוויקסן, האט זי אָנגעהויבן שרייען:

— אויאַ, אָט גייט דיין סוינע, אָט גייט דיין סוינע, אויאַ! פאַרוואָס פרעסטו אונז נאַכט? מיר האָבן אים געוואָלט כאַפּן, אָט גייט דיין סוינע, אויאַ!

נאָר דער לייב, דער מענטשנפרעסער, האָט איצט אָפּגערוט נאָך וואַרמעס. יענעם טאָג האט ער זיך געמאכט א סודע פון זייער א פעט מיידל און ס'איז אים געווען זייער גוט אַפן האַרצן, און גלאַט האט ער ניט פארשטאַנען, אַז ער איז אויאַ און אַז אוג־לאָמי איז זיין סוינע.

אזוי איז אוג־לאָמי געפאָרן רייטנדיק, און אַזוי האט ער זיך דעם ערשטן מאָל דערוואוסט, אז אויאַ דער לייב האט פארנומען דעם אָרט פון אויאַ דעם אָנפירער און פרעסט זיין אייגענעם שייוועט.

אַף צוריקוועגס און אין טאָל פון טייך האט אוג־לאָמי שוין מער ניט געטראַכט פון דעם פערד, ער האט געטראכט פון דעם, וואָס אויאַ לעבט נאָך אַלץ און אַז מ'דאַרף אים הארגענען אָדער אַליין געהאַרגעט ווערן. נאָכאַמאָל און נאכאַמאָל האט זיך אים

געשטעלט פאַר די אויגן דער אוילעם ווייבער און קינדער, וואָס לויפן און שרייען: „אויאַ דער לייב, אויא דער לייב!“ און פלוצ־לינג האט ער זיך דערשראָקן פארן אָנקומענדיקן אָוונט און האָט זיך אַ לאָז געטון לויפן.

---

## IV. אויאַ דער לייב.

דער אַלטער לייב איז געווען א מאַזלדיקער. ער האט זיך באַ־וויזן פונקט אין יענער נאַכט, ווען אוג־לאָמי האט געהאַרגעט אויאַן, און דערפאַר האָט מען דעם לייב א נאָמען געגעבן אויא. יענע נאַכט האט געגאָסן א שלאַקס־רעגן און ס'האט זיך ניט געקענט צעברענען דער פייער. איז די נאכט געווען נאך פינצטערער, מענטשן האבן גערעדט צווישן זיך, זיך איינגעקוקט איינער אין אַנדערן דורך דער געדיכטער פינצטערניש און געטראַכט, וואָס וועט מיט זיי איצט טון דער געהאַרגעטער אויא. און פלוצלינג האָבן זיי דערהערט דאס ברומען פון א לייב ערגעץ גאר נאָענט, דערנאָך איז ווידעראַמאָל שטיל געוואָרן. זיי האבן איינגעהאלטן דעם אָטעם און מ'האט נאָר געהערט, ווי טראָפּנס רעגן קלאפּן אין די בלעטער און פאַלן אין פייער. אין אַ פּאָר מינוט ארום, וואס האבן זיך אויסגעצויגן ווי אַ יאָר, האט זיך דערהערט אַ טרישטשען, א ווילדער געשריי און א ברום. מיט א קוויטשעריי און געשרייען זיינען אַלע אופגעשפּרונגען פון די ערטער און האָבן זיך צעשאָטן אין אלע זייטן. נאָר די נאַסע האָלצאָוועשקעס האָבן ניט געוואָלט ברענען, און דער לייב האָט אַוועקגעטראָגן זיין קאָרבן אין די פּאפּאָראָטן. דאס איז געווען ערק, דער ברודער פון אואַו.

אַזוי האט זיך באַוויזן דער לייב.

אַף דער צווייטער נאַכט איז ווידעראַמאָל געווען א רעגן און די פּאפּאָראָטן זיינען געווען נאַס. איז דער לייב געקומען און

אַוועקגעשלעפּט די געלע קריק. זי האָט געקלעקט פֿאַרן לייב אַף צוויי נעכט. נאָכדעם איז ער געקומען אין דער צייט פֿון מוילעד דריי נעכט דורכאַנאַנד, כאָטש די פֿייערן האָבן שוין געבּרענט העל. דאָס איז געווען אַן אַלטער לייב מיט קרעפּטיקע ציין, א שווייגנדיקער און א קאַלטבּלוטיקער. ער איז שוין געווען באַ־קענט מיט פֿייער, און דאָס זיינען געווען ניט די ערשטע מענטשן, וואָס ער האט געגעסן. אַף דער דריטער נאַכט האט ער זיך אַריינ־געריסן צווישן דעם אינעווייניקסן און אויסווייניקסטן שייטער, איז אַרופגעשפּרונגען אַף דער קופּע קיזלשטיינער און האָט גע־כאַפּט אירמען, ערקס זון, וואָס האט געדאַרפט ווערן דער עלטסטער פֿונם שייוועט. דאס איז געווען א שרעקלעכע נאַכט. מ׳האט צעלייגט ריזיקע פֿייערן פֿון פֿאַפּאָראָט־בלעטער, און מ׳איז געלאָפֿן אַרום זיי מיט אַזוינע פֿאַרצווייפלטע געשרייען, אז דער לייב האט אַפּילע געהאַט אַרויסגעלאָזן אירמען. באַ דער שיין פֿון פֿייערן האָבן זיי געזעען, ווי אירם האט זיך געראַנגלט, איז אפּילע אָפּגעלאָפֿן עטלעכע טריט צום פֿייער־צו, נאָר מיט צוויי שפּרונג האָט דער לייב אָנגעיאָגט זיין קאָרבן און דאָ האָט ער אים געעקט.

אַזוי האָט זיך באַזעצט צווישן זיי די שרעק, און זיי האָבן אָנגעוואָרן דעם גאַנצן פֿאַרגעניגן פֿונם פֿרילינג. פֿינף האָבן שוין געפֿעלט אינם שייוועט, און פֿיר נעכט שפּעטער זיינען אומגעקו־מען נאָך דריי. איצט האָט שוין קיין זינען ניט געהאַט גיין זוכן זיך עסן. קיינער האט ניט געוואוסט, ווער ס׳איז איצט אַף דער ריי. די פֿרויען האָבן איצט געאַרבעט גאַנצע טעג, זיי האָבן געקליבן טרוקענע צווייגן פֿאַר די באַנאַכטיקע פֿייערן, און די יעגער זיינען אָן כיישעק געגאַנגען אַפּן געיעג. אַזוי איז אין מיטן וואַרעמען פֿרילינג ווידער געקומען דער הונגער, ווי ס׳וואָלט געווען ווינטער. דער שייוועט האָט געקענט איבערוואַנדערן, נאָר זיי האָבן קיין פֿירער ניט געהאַט, און קיינער האט ניט געוואוסט, וואו קאָן זיין אַזאַ אָרט, וואו דער לייב זאל זיי ניט געפֿינען.

און דער לייב איז געוואָרן אַלץ פּעטער און פּעטער, און ער איז געווען צופרידן, וואס ער האט אָנגעטראָפן אַזוינע טייערע מענטשן. צוויי קינדער און איין עלטערער אינגל זיינען אומגעקומען אין דער צייט פונם מוילעד. דענסטמאָל האט די אלטע, צעקנייטשטע הי־טערן פון פייער זיך דערמאנט אין יודענען און אוג־לאָמין, און אין דעם ווי אויאַ איז געהאַרגעט געוואָרן. דאָס גאַנצע לעבן אירס האָט זי געציטערט פאר אויאַן. און איצט האט זי געלעבט אין איין שרעק פאַרן לייב. אַז אוג־לאָמי, דערזעלבער אוג-לאָמי, וואָס איז פאַר אירע אויגן געבוירן געוואָרן, זאָל קענען דערהאַר־גענען אויאַן, דאס האָט זיך איר ניט געגלויבט. איז קלאָר, אַז דער לייב — דאָס איז אויאַ און דאָס זוכט ער נאָר אַלץ זיין סוינע.

און פלוצלינג האָט זיך אומגעקערט אוג־לומי אַזוי אומדער־וואַרט און אַף אַזאַ מאָדנעם אויפן. פונדערווייטן, אַף יענער זייט טייך האָבן זיי דערזען עפּעס א מאָדנע לויפנדיקע כאַיע, דערנאָך האָט די כאַיע זיך פאַרוואַנדלט אין צוויי לעבעדיקע באַ־שעפענישן, אַ מענטש און א פערד, און נאָכדעם האָט זיך אף יענער זייט טייך באַוויזן דער שאָטן פון אוג־לאָמין. יאָ, איצט איז פאַר איר געווען קלאָר: אויאַ שטראָפט זיי דערפאַר, וואָס זיי האָבן ניט געכאַפּט יודענען און אוג־לאָמין.

די מאַנסבלען האָבן זיך איינציקווייס אומגעקערט צוריק צום לאַגער־פּלאַץ, און די זון האָט נאָך געשיינט אַפן הימל. זיי האָבן זיך אומגעקערט און ניט געוואוסט, וואָס וועט זיי ברייגנען די נאַכט. און דאָ האט מען זיי דערציילט פון אוג־לאָמין. די אַלטע איז מיט זיי אַריבער אַף יענער זייט טייך און האָט זיי באַוויזן די שפורן אַפן ברעג. סיס, דער שפורפאָרשער, האָט דערקענט אוג־לאָמיס פיס.

— אויאַ פאָדערט אוג־לאָמין, —האָט געשריען די אַלטע.

זי איז געשטאַנען דאָרט, וואו דער טייך פאַרקערעוועט זיך, ווי אַ בראָנזענע סטאַטוע אין שיין פון דער פארגייענדיקער זון, און זי האט געשריען:

— דער לײַבֿ פֿאָדערט יודענען, ער קומט אַלע נאכט און זוכט יודענען און אוג־לאָמין. און אז ער קען ניט געפֿינען יודענען און אוג־לאָמין, בײַזערט ער זיך און ער האַרגעט. געפֿינט יודענען און אוג־לאָמין. יודענען, וועלכע ער זוכט, און אוג־לאָמין, אַף וועלכן ער האט אויסגערעדט דאָס וואָרט פֿון טויט. געפֿינט יודענען און אוג־לאָמין.

זי האָט זיך אויסגעקערעוועט צו די ווײַטע טשערעטן, ווי זי פֿלעגט אַמאָל באַם לעבן זיך אויסקערעווען צו אויאַן:

— עפשער ניט אַזוי, — מײַן באַפֿוילער! — האט זי געשריען.

און, ווי אַן ענטפֿער, האָבן די הויכע טשערעטן זיך אָנגעבויגן פֿונם ווינט.

ס'איז שוין געווען אָוונט, און אַפֿן לאַגער־פֿלאַץ האָט זיך נאָך אַלץ געהערט א קלאַפּערײַ. דאָס האבן די מאַנסבלען געשאַרפֿט זייערע יאסענע שפּיזן פֿאַר מאָרגנדיקן געיעג. און באַנאַכט, נאָך פֿאַר לעוואָנע־אופֿגאַנג, איז ווידער געקומען דער לײַבֿ און האָט אַוועקגעשלעפּט די טאָכטער פֿון סיס דעם שפּורפֿאָרשער.

אַף מאָרגן איז נאָך די זון ניט אופֿגעגאַנגען, און סיס דער שפורפאָרשער און דער יונגער אואַו־כאַו, וואָס האָט איצט געשאַרפט די קיזלשטיינער, און איין־אויג און באָ און שנעקנפרעסער — בײדע געלהאָריקע, קאַצנפֿעל און שלאַנג, מיט איין וואָרט, אַלע איבערגעבליבענע זין פֿון אויאַן האָבן פֿאַרכאַפּט זייערע קיזלשטיינער און יאסענע שפּיזן און האָבן זיך אַוועקגעלאָזן אַף די שליידערשפורן פֿון אוג־לאָמי. זיי האָבן מיט זיך אויך פֿאַרכאַפּט שליידערשפורן פֿון אוג־לאָמי. זיי האָבן מיט זיך אויך פֿאַרכאַפּט געשטיינער אין פֿעלענע זעקעלעך און זײַנען אַוועק דורך די וויקסן פֿון דערנער, וואו יאַ־אַ־אַ דער נאָזהאָרן און זײַנע ברידער האָבן געזוכט עסן. דערנאָך העכער, מיט אָפֿענעם פֿעלד — צו די בוקסן־וועלדער.

באַנאַכט, ווי נאָר די לעוואָנע איז פֿארגאנגען, האבן זיך אַפֿן לאגער־פֿלאַץ צעברענט די פֿײַערן. דער פֿלאַם איז געווען הויך

און העל, און דער לייב האָט צורו געלאָזט די פּאַרטאַיעטע ווייבער און קינדער. אף מאָרגן, אַז די זון איז נאך געשטאַנען גאָר הויך, האָבן זיך די יעגער אומגעקערט. אַלע האָבן זיך אומגעקערט, נאָר איין־אויג ניט. איין־אויג איז מיט א צעשפּאָלטענעם שאַרבן געלעגן א טויטער באַם צופונס פונם פעלז (אַז אוג־לאָמי האָט זיך נאָך אין יענעם אָוונט אומגעקערט אהיים פון זיין רייטן, האָט ער דערזען, ווי קאָרשאַקעס אַרבעטן שוין איבערן קערפּער פון איין־אויג). די יעגער האָבן מיט זיך געבראכט יודענען, נאָך א לעבע־דיקע, נאָר אַן אויסגעמאַטערטע און א צעוואונדעטע. אַזוי איז גע־ווען דער שרעקלעכער באַפעל פון דער צעקנייטשטער אלטינקער: מ׳זאָל ברייננגען יודענען אַ לעבעדיקע.

— ניט מיר דאַרפן זי דערהאַרגענען, נאָר אויאַ, דער לייב.

די הענט יודענעס זיינען געווען פאַרצויגן מיט אַ רימען, גלייך ווי זי וואָלט געווען אַ מאַנסבל. זי איז געקומען אן אויסגעמאַטערטע און אַ מידע. די האָר זיינען איר געפאַלן איבער די אויגן און זיינען געווען נאַס פון בלוט. די מאַנסבלען האָבן זי אַרומגערינגלט פון אלע זייטן, און שנעקפּרעסער, וועלכן זי האָט טאַקע געגעבן דעמדאָזיקן צונעמעניש, האָט פון איר כויזעק געמאַכט און פון צייט צו צייט האָט ער איר דערלאַנגט מיט זיין יאסענעם שפּיז. און נאָך יעדן זעץ מיטן שפּיז פלעג ער זיך אַרומקוקן, ווי איינער, וואָס טוט דאָ ווער ווייסט וואָסערע העל־דישע אופטוען. אַלע איבעריקע האָבן זיך אויך אומגעקוקט און עפּעס האָבן זיי זיך געאיילט, אַלע, אויסער יודענען.

אַז די אַלטינקע האָט זי דערזען, האָט זי אָנגעהויבן קוויטשען פון סימכע.

זיי האָבן געצוואונגען יודענען איבערגיין איבערן טייך מיט געבונדענע הענט, כאָטש דער שטראָם איז דאָ געווען זייער אַ שטאַרקער, און אַז יודענא האָט זיך אַ גליטש געטון, האָט די אַלטע אָנגעהויבן שרייען פריער פון סימכע, און דערנאָך פון שרעק, זי זאָל ניט דערטרונקען ווערן. און אַז זיי האָבן ארויסגעשלעפּט

יודענען אפן ברעג, האָט זי קיין קויעך ניט געהאַט זיך שטעלן אַף די פיס, וויפל זיי האָבן זי ניט געשלאָגן, און זיי האָבן זי געמוזט לאָזן זיצן. זי איז אזוי געזעסן מיט די פיס אַראָפּ צום וואַסער, מיט די אויגן ערגעץ אין דער ווייט ארײַן, און וואָס מ'האָט איר ניט געטון, און וואָס מ'האָט איר ניט געזאָגט איז איר פּאָנים געבליבן אומבאַוועגלעך. דער גאַנצער שייוועט האָט זיך אַראָפּגעלאָזן פון בערגל, אַפּילע די געקרייזלטע, קליינע כאַכאַ, וואָס האָט ערשט אָנגעהויבן רעדן, — אַלע זיינען געשטאַנען און געקוקט אַף יודענען און אַף דער אלטער, ווי מיר וואָלטן געקוקט אַף אַן אומגעוויינלעכער פּארוואונדעטער כאיע און אַף דעם מענטשן, וואָס האָט די כאיע געכאַפּט.

די אלטע האָט אַראָפּגעריסן פון יודענעס האַלז אויאַס האַלז־באַנד און האָט אים אָנגעטון אַף זיך. זי איז איצט געווען די עלטסטע בא איר שייוועט, און איר איז געקומען טראָגן דעם האַלזבאַנד. דערנאָך האָט זי גענומען רייסן יודענען פאר די האָר, און בא סיסן האָט זי גענומען זיין שפּיז און מיט אלע קויכעס האָט זי געשלאָגן יודענען מיטן שפּיז. און אז די אַלטע האָט זיך שוין גוט אָנגעקילט דאָס האַרץ, האָט זי זיך גענומען איינקוקן יודענען אין פּאָנים ארײַן.

די אויגן בא יודענען זיינען געווען פאַרמאַכט, דאָס פּאָנים אומבאַוועגלעך, און זי איז געלעגן אזוי שטיל, אז די אַלטע האָט זיך שוין אַביסל דערשראָקן: טאָמער איז זי שוין געשטאָרבן. נאָר אָט האָבן אַ ציטער געטון בא יודענען די נאָזלעכער. האָט די אַלטע איר אַ זעץ געטון איבערן פּאָנים, זיך צעלאַכט, אָפּגעגעבן סיסן זיין שפּיז, איז אָפּגעגאַן אַביסל אין אַ זייט און האָט זיך גענומען כויזעק מאַכן פון יודענען.

דער ווערטער־אויצער פון דער אַלטער איז געווען גרעסער, איידער בא אַנדערע מענטשן פון דעמזעלבן שייוועט. ס'איז פּאָשעט געווען אַ שרעק צו הערן, ווי זי רעדט. אָט האָט זי אומזיניק געשריגן און געקרעכצט, און אָט האָבן אַ שווינדל געטון

אין אירע גאָרגל־קלאַנגען עפּעס אזוינע שאָטנס פון געדאַנק. אַ גרויסער טייל פון דעם, וואָס די אלטע האָט גערעדט, האָט יודענא פארשטאַנען. זי האָט גערעדט פון אַ לייב, און ווי אַזוי ער וועט זי, יודענען, פייניקן.

— און אוג־לאָמי! כא, כא! אוג־לאָמי איז טויט!

און פּלוצלינג האָבן זיך יודענעס אויגן געעפנט און זי האָט זיך אַוועקגעזעצט. זי האָט אַ קוק געטון אף דער אַלטער און האָט אַ זאָג געטון:

— ניין.

געזאָגט האָט זי דאָס, ווי אַ מענטש, וואָס פּרואווט זיך עפּעס דערמאָנען.

— ניין, איך האָב ניט געזעען מיין אוג־לאָמי קיין דער־האַרגעטן. כ׳האָב ניט געזעען מיין אוג־לאָמי קיין טויטן.

— זאָגט איר, — האָט אַ געשריי געטון די אַלטע, — דערציילט איר, ווער ס׳האָט אים געהאַרגעט. זאָגט איר, וויאַזוי אוג־לאָמי איז געהאַרגעט געוואָרן.

זי האָט געקוקט צו איינציקווייס אף יעדן מאַנסבל, און נאָך איר האָבן אף די מאַנסבלען געקוקט אַלע פרויען און קינדער.

קיינער האָט איר ניט געענטפערט. אלע זיינען געשטאַנען פאַרלאָרענע.

— דערציילט איר, — האָט די אלטע געזאָגט.

די מאַנסבלען האָבן געקוקט איינער אַפן צווייטן.

יודענעס פּאָנים האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן שיינען.

— דערציילט — האָט יודענאַ ארויסגערעדט, — דערציילט, איר שטאַרקע מאַנסבלען, דערציילט פון אוג־לאָמיס טויט.

די אַלטע איז אופגעשטאַנען און האָט גראָב אַ זעץ געטון יודענען אין די ליפּן אריין.

— מיר האָבן ניט געקענט געפינען אוג־לאָמין, — האָט סיס־שפּורפאָרשער געזאָגט, — אַז מ׳יאָגט זיך נאָך צוויי, כאַפּט מען קיין איינעם ניט.

יודענעס האַרץ האָט אָנגעהויבן קלאַפּן פון פרייד, נאָר איר פּאָנים איז געבליבן אומבאַוועגלעך. און ס׳גוט אַזוי, ווייל די אַלטע האָט פון איר די אויגן ניט אַראָפּגענומען, און פון אירע אויגן האָט ארויסגעקוקט דער טויט.

איר גאַנצן קאַס האָט די אלטע איצט אויסגעלאָזט אף די מאַנסבלען. פאַרוואָס האָבן זיי מוירע געהאַט זיך יאָגן נאָך אוג־לאָמין? איצט, אַז אויאַ איז שוין טויט, האָט זי פאַר קיינעם קיין מוירע ניט געהאַט. זי האָט געזידלט די מאַנסבלען, ווי מ׳זידלט קליינע קינדער. און זיי זיינען געשטאַנען מיט פינצטערע פּענימער און האָבן אַרופגעוואַלגערט איינער אפן צווייטן. און צום סאָף האָט סיס־שפּורפּאָרשער אופגעהויבן דאָס קאָל און האָט אָנ־געשריגן אף דער אלטער זי זאָל אנשוויגן ווערן.

און אַז די זון איז פאַרגאַן, האָבן די מאַנסבלען גענומען יודענען, און כאָטש דאָס האַרץ איז בא זיי אַרויסגעפאלן פון שרעק, האָבן זיי פונדעסטוועגן זיך אָנגענומען מיט מוט און זיי האָבן זיך געלאָזן גיין מיט דער סטעזשקע, וואָס דער לייב האָט אויס־געטראָטן אין טשערעט. אלע מאַנסבלען זיינען געגאנגען איינינעם. אַפן וועג צום לייבס באַהעלטעניש איז געשטאַנען אַ גרופּע אָלכע־ביימער. דאָ האָבן די מאַנסבלען אַפּדערגיך צוגעבונדן יודענען, אַז דער לייב זאָל זי געפינען, ווי נאָר ער וועט פאַרנאַכט ארויס פון זיין באַהעלטעניש. און אַז זיי האָבן דערמיט פאַרענדיקט, האָבן זיי זיך אַ לאָז געטון לויפן, אַלע מאַנסבלען, און אַזוי זיינען זיי געלאָפן ביזן סאַמע לאַגער־פּלאַץ. דאָ האָבן זיי זיך אָפּגע־שטעלט. סיס האָט זיך דער ערשטער אָפּגעשטעלט און האָט זיך אומגעקוקט אין דער זייט פון די אָלכע־ביימער. אפילע פונדאַנען, פונם לאַגער פּלאַץ, האָט מען אויסגעזען יודענעס קאָפּ—אַ קליי־נער, שוואַרצער הויפן האָר אונטער די צווייגן פון אַ גרויסן בוים. ס׳איז אַלץ, ווי ס׳דאַרף צו זיין.

אַלע פרויען און קינדער זיינען ארויס אַפן בערגל אַ קוק טון אַף יודענען. און די אַלטע איז געשטאַנען און האָט געשריגן צום

לייב ער זאָל שוין גיכער נעמען דאָס, וואָס ער האָט געזוכט, און האָט אים געגעבן אייצעס, ווי אַזוי ער זאָל פּייניקן יודענען.

יודענאַ איז שוין געווען ביז לעצט אויסגעמאַטערט, און האָט שוין קימאַט פאַרלאָרן דעם באַוואוסטזיין פון די קלעפּ, פון מיד־קייט און פון יעסורים. און נאָר די מוירע פאַר דעם, וואָס ס׳דאַרף ערשט זיין, דידאָזיקע שרעק האָט איר געגעבן קויכעס זיך האַלטן אַף די פיס. פונדערווייטן צווישן די צווייגן פון די קאַשטאַנען האָט זיך אויסגעזעען די ריזיק־בלוטיקע רויטע זון. די גאַנצע מאַירעוו־זייט איז געווען אין פייער. דאָס פאַרנאַכט־ווינטל איז שטיל געוואָרן, און אַרום און ארום איז געווען אַ וואַרעמע שטיל־קייט. אינדערלופטן האָבן זיך געטראָגן גאַנצע כמאַרעס פליגע־לעך. ערגעץ ניט ווייט האָבן פיש זיך געפּלוסקעט אין טייך און מאַי־זשוקעס זיינען אַרומגעפלויגן הין און צוריק. מיט אַ ווינקל אויג האָט יודענאַ געקענט אויסזען אַ טייל פונם בערגל. דאָרט זיינען געשטאַנען קליינע פיגורן און האָבן געקוקט אַהער אַף יודענען. מ׳האָט געהערט פונדאַנען, ווי מ׳שלאָגט דאָרט אויס פייער פון אַ שטיין, און דאָ לעבן, — פאַרוואַקסן מיט פּאַפּאָ־ראָטן, פינצטער און שטיל — איז די באַהעלטעניש פונם לייב.

יודענאַ האָט אַ קוק געטון אַפן הימל און האָט דערזען, אַז די זון איז שוין פאַרגאַן און איבער איר קאָפּ שיינט אַ העלע לעוואָנע. יודענאַ האָט אַ קוק געטון אין דער זייט, וואו דעם לייבס באַהעלטעניש איז, צי מ׳זעט דאָרט גאָרניט, און פלוצלינג האָט זי זיך גענומען רייסן אין אַלע זייטן, וויינען און רופן אוג־לאָמין.

נאָר אוג־לאָמי איז געווען ווייט פונדאַנען. און דאָרט אַפן בערגל, אַז זיי האָבן דערזען, ווי יודענעס קאָפּ וואַרפט זיך, האָבן זיי אָנגעהויבן שרייען פון סימכע. אַז יודענאַ האָט דאָס דערהערט, האָט זי זיך גענומען אין די הענט אריין און איז געבליבן זיצן רואיק. ס׳האָבן זיך באַוויזן פלעדערמייז. א שטערן, ענלעך אַף אוג־לאָמין, איז ארויסגעקראָכן פון זיין בלויער נאָרע אין מאַירעוו־זייט.

יודענאַ האָט אים אָנגעהויבן רופן צו הילף, שטילערהייט, ווייל זי האָט מוירע געהאַט פאַרן לייב, נאָר כאָטש ס'איז שוין געוואָרן אָוונט, איז פונדעסטוועגן שטיל געווען אין די ווילדוואוקסן.

די פינצטערניש האָט זיך אראָפּגעלאָזן אויף יודענען. די לעוואָנע איז געוואָרן העלער, און די שאָטנס, וואָס האבן זיך אויסגעצויגן פאַרן זון־פאַרגיין ארופצו ביזן בערגל און וואָס זיינען אינאָוונט פארשוואונדן געוואָרן, האָבן זיך איצט נאָכאַמאָל באוויזן, נאָר שוין קורצע אַזוינע און שוואַרצע. אין די געדיכ־טענישן פונם פאפּאָראָט און אָלכע־ביימער, וואו דער לייב איז געלעגן, האָבן זיך אָנגעהויבן קלייבן עפּעס אזוינע טונקעלע פיגורן, און ס'האָט זיך דאָרטן געהערט אַ גרינגער שאָרך. ס'איז געוואָרן טונקעלער און טונקעלער, נאָר קיינער האָט זיך ניט באַוויזן פונ־דאָרט, פון דער באַהעלטעניש.

זי האָט אַ קוק געטון אין דער זייט פונם לאַגער־פּלאַץ און האָט דערזען: די שייטערן ברענען מיט אַ רויטן פייער און רוי־כערן, מאַנסבלען און פרויען גייען אַרום הין און צוריק. זי האָט אַ קוק געטון אין דער צווייטער זייט אַפן טייך. ס'הייבט זיך פונ־דאָרט אַ ווייסער טומאַן. פונדערווייטן קומט אָן דאָס קוויטשען פון פיקסלעך און דאָס היילן פון היענעס.

אין פיינלעכן וואַרטן האָט די צייט זיך אויסגעצויגן פאַר אַ גאַנצער אייביקייט. אָט האט עפּעס אַ כאַיע אַ פּלוכע געטון אין וואַסער און איז דאָרט זיך איבערגעגאַנגען דעם טייך בא דער סאַמע באַהעלטעניש. נאָר וואָס איז דאָס געווען פאַר אַ כאַיע, דאָס האָט יודענאַ ניט געזען. ערגעץ ווייט זיינען עלפאַנטן געקומען צום וואַסער, זיך געפּלוסקעט און געטרובעט. אַלץ, וואָס ס'טוט זיך, האָט יודענאַ געהערט, ווייל די נאַכט איז געווען אַזאַ שטילע.

די ערד האָט פון זיך פאַרגעשטעלט עפּעס אַ מאָדנעם גע־פלעכט פון ווייסע אָפּגלאַנצן און געדיכטע שאָטנס, און פונויבן — אַ בלויער הימל. אַף דער זילבערנער לעוואָנע איז געווען אויס־

געקריצט אַ געמעל פון שוואַרצע קאַשטאַן־בלעטער. אַף מאַירעוו־זייט איבער די פאַרשאָטענע בערגלעך האָבן זיך אָנגעצונדן נייע און נייע שטערן. די פייערן אַפן בערגל האָבן איצט געברענט מיט אַ העל־רויטן פלאַם.

שוואַרצע פיגורן זיינען ווי פריער געשטאַנען און האָבן געוואַרט. זיי האָבן געוואָלט דערהערן יודענעס געשרייען. נו, איצט איז שוין געוויס ניט לאַנג צו וואַרטן.

פלוצלינג האָט זיך די נאַכט אָנגעפולט מיט באַוועגונג. יודענאַ האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם. עפעס איז דורכגעלאָפן: איינס, צוויי, דריי שטילע שאָטנס גאַנווענען זיך... שאַקאַלן. און ווידער־אַמאָל שטיל, און ווידער אומענדלעך וואַרטן.

און פלוצלינג זיינען מיטאַמאָל פאַרשוואונדן געוואָרן אַלע אויסגעדאַכטע קלאַנגען. ס׳איז געקומען דאָס עמעסע. אין די טשערעט־געוויקסן איז עפעס אַ שאָרי, אַ באַוועגונג. דאָס איז דער לייב, דער פרעסער. דער טשערעט האָט אָנגעהויבן טרישטשען שטארקער, איין מאָל, דעם צווייטן מאָל, דעם דריטן מאָל, און דער־נאָך איז ווידער שטיל געוואָרן. ס׳האָט זיך געהערט נאָר אַ גע־מאָסטענער כראָמטשען. יודענא האָט דערהערט אַ שטיל־וויברירנ־דיק ברומען, און ווידער שטיל. ס׳וועט אמאָל זיין אַ סאָף צו דער שרעקלעכער שטילקייט? יודענא האַלט איין דעם אָטעם און פאַר־בייסט די ליפן, קעדיי צו פארשטיקן דעם געשריי. אָט איז עפעס געשווינד דורכגעלאָפן צווישן די קושטשעס. יודענא האָט אומגערן אַ געשריי געטון. נאָר קיין פרייד־געשרייען פונם בערגל האָבן ניט אָפּגעענטפערט.

אין די טשערעט־געוויקסן האָט זיך אופגעהויבן עפעס אַ שטאַר־קער הארמידער. יודענא האָט געזעען, ווי ס׳וויגן זיך די גראָזן אין שיין פון דער פארגייענדיקער לעוואָנע און ס׳הוידען זיך די אָלכע־ביימער. יודענא האָט פארצווייפלט גענומען זיך רייסן, דאָס לעצטע מאָל. נאָר ווידער גאָרניט. עפעס אַ צענדליק באשעפע־נישן, אַ גאַנצער צענדליק אומגעהייערע באשעפענישן האָבן אין

מעשעך פון עטלעכע מינוט זיך געראַנגלט דאָרט אינם קליינעם ווינקעלע פון וואַלד. און ווידער שטיל. די לעוואָנע איז פאַרגאַן אונטער די ווייטע קאַשטאַנען, און די נאַכט איז געוואָרן פינצטער.

פּלוצלינג עפּעס אַ מאָדנער קלאַנג, אַן אָפּגעריסענער געוויין, אַט שטאַרקער, און אָט שוואַכער, שטיל. און ווידער עפּעס אַזוינע אומקלאָרע קלאַנגען. דאָס ברומען פון אַ כאַיע, צי וואָס?

איצט איז שוין אינגאַנצן שטיל געוואָרן. ערגעץ אין מיזרעך־זייט טרובען די עלפאַנטן. נאָך אַמאָל הערט זיך פון אונטער די ביימער אַ ברומען און אַ קוויטשעריי, און נאָכאַמאָל שטיל.

די צייט ציט זיך אַזוי לאַנג. נאָכאַמאָל האָט זיך באַוויזן די לעוואָנע צווישן די ביימער, ערגעץ ווייט אויף אַ בערגל. איבער דער גאַנצער לייגע פונעם פאַרוואַקסענעם פעלד האָבן זיך געצויגן צוויי העלע פּאַסן לעוואָנע־שיין און צעשניטן דעם געדיכטן כוי־שעך. ווידער אַ שאָרע אין די קושטשעס, וואָס ווייטער שטאַרקער און העכער, אַ פלוך אין וואַסער. דער טשערעט האָט זיך צע־הוידעט, זיך צענומען פונויבן ביז אַראָפּ... דאָס איז דאָס שוין. יודענא האָט זיך גוט איינגעקוקט, וואָס איז דאָס פאַר אַ באַשע־פעניש, וואָס איז אַרויס פונעם טשערעט? דאַכט זיך יאָ, אָט איז ער, דער ריזיקער קאָפּ און די שרעקלעכע ציינער. אויף דעם האָט זי געוואַרט. נאָר פּלוצלינג האָט עס אָנגעהויבן ווערן קלענער, אָנגענומען אַנדערע פאָרמען. עפּעס איז עס טונקל און נידעריק און ס'שווייגט, און דאָס איז ניט דער לייב. ס'איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך. יודענא האָט אָנגעשטעלט די אויגן אַ פאַרוואונ־דערטע. דאָס מאָדנע באַשעפעניש איז געווען ענלעך אויף אַ ריזי־קער פראָש: צוויי פיס און אַ קערפּער, צוגעבויגן צו דער ערד. דער קאָפּ באַוועגט זיך הין און צוריק. דאָס מאָדנע באַשעפעניש קוקט אויס אַלע ווינקלען.

ס'דערהערט זיך אַ שאָרע. דאָס באַשעפעניש באַוועגט זיך לע־פיש, ווי ס'וואָלט געהונקען, און בא יעדן טריט הערט זיך אַ שוואַכער קרעכץ.

פלוצלינג איז יודענען דאָס בלוט אַריין אין פּאָנים. דאָס האַרץ האָט זיך אָנגעהויבן ווארפן פון פרייד. — אוג־לאָמי, — האָט זי אַ מורמל געטון.

דאָס באשעפעניש האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— יודענא, — האָט ער שטיל געענטפערט און אין קאָל באַ אים האָבן זיך געהערט גרויסע ווייטיקן. ער האָט זיך שטאַרק איינגעקוקט אין די אָלכע־ביימער.

נאָך איין באוועגונג, און ער איז אַרויס פון שאָטן פונם טשע־רעט אַף דער לעוואָנע־שיין. דער גאַנצער קערפּער זיינער איז גע־ווען באדעקט מיט טונקעלע פלעקן. יודענא האָט דערזען, אַז קאם וואָס ער שלעפּט די פיס, נאָר אין האַנט האַלט ער קרעפטיק זיין האַק, די ערשטע מענטשישע האַק. דערנאָך האָט ער זיך אראָפּ־געלאָזן אַף אַלע פיר און, וואַקלענדיק זיך, האָט ער אָנגעהויבן פויזען צו יודענען.

— דער לייב! — האָט ער געזאָגט און אין קאָל באַ אים איז געווען גרויסע פרייד און גרויסע פיין. — אר־אַ־או, כ'האָב דער־האַרגעט דעם לייב, איך מיט מיינע הענט, אַזוי ווי דעם גרויסן בער דערהאַרגעט.

אוג־לאָמי האָט זיך געפּרוּאווט מיט אַ באַוועגונג אונטער־שטרייכן זיינע ווערטער און איז באַלד אומגעפאַלן מיט אַ שוואַכן געשריי. אַ שטיקל צייט איז ער געלעגן אָן באוועגונג.

— בינד מיך אָפּ, — האָט שטיל געזאָגט יודענא.

אוג־לאָמי האָט גאָרניט ניט געענטפערט. ער האָט זיך אופּגע־הויבן פון דער ערד, זיך אָנגעכאַפּט פארן שטאַם פון דעם אָלכע־בוים און מיטן שאַרף פון זיין האַק האָט ער צעשניטן די רימענס. באַ יעדן פיר מיט דער האַק האָט אוג־לאָמי פארשטיקט געקרעכצט. ער האָט איבערגעשניטן די רימענס, וואָס האָבן פאַרצויגן יודענעס ברוסט און הענט, און דערנאָך איז זיין האַנט אראָפּגעפאלן. זיין ברוסט איז אַראָפּגעפאַלן אף יודענעס פּלייצע, האָט זיך אַראָפּ־געגליטשט און ער איז אנידערגעפאַלן אף דער ערד לעבן איר.

נאָר איצט איז איר שוין ניט שווער געווען אַליין זיך צעבינדן. זי האָט זיך זייער גיך באַפרייט, זי האָט אַ טראָט געטון פאָרויס, און ס'האָט זיך איר פאַרדרייט דער קאָפּ. איר לעצטע באַוואוסטזיניקע באַוועגונג איז געווען — אַ וואָרף צו אים, צו אוג־לאָמין. זי האָט זיך אַ שאָקל געטון און איז אומגעפאַלן. מיט דער האַנט האָט זי אַ ריר געטון אוג־לאָמיס דיך. די דיך איז געווען פייכט און ווייך און האָט זיך געקנאָטן אונטער די הענט. אוג־לאָמי האָט אַ געשריי געטון פון ווייטיק, האָט זיך אַ וואָרף געטון און איז ווידער אנשוויגן געוואָרן. פּלוצלינג איז פונם טשערעט פאָרזיכטיק אַרויסגעקראָכן אַ טונקעלע פיגור, ענלעך אַף אַ הונט. די פיגור האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַ שמעק געטון אין אַלע זייטן די לופט, זיך אויסגעקערעוועט און ווידער דערטרונקען געוואָרן אין שאָטן.

זייער לאַנג זיינען זיי ביידע געלעגן אומבאַוועגלעך אין שיין פון דער פאַרגייענדיקער לעוואָנע. און צוביסלעכווייס האָבן זיך גערוקט אַף זיי די שאָטנס פונם טשערעט. אָט האָבן זיי שוין פאַרקוטעט זייערע פיס, און אוג־לאָמי איז געלעגן, ווי אַ זילבערנע סטאַטוע, ווי אַ ביוסט, אויסגעגאָסן פון זילבער. די לעוואָנע איז פאַרגאַנגען, און דער שאָטן האָט פאַרגאָסן זיין האַלז, פאַרדעקט זיין פּאָנים, און צום סאָף האָט דער נאַכטיקער כוישעך זיי ביידע איינגעשלונגען.

די שאָטנס האָבן זיך אָנגעהויבן רירן, ס'האָבן זיך דערהערט טריט, אַ שטילער ברומען און שטילע קלעפּ...

יענע נאַכט זיינען די פרויען און די קינדער פונם לאַגערפּלאַץ קימאַט ניט געשלאָפן, ביז זיי האָבן דערהערט יודענעס געשרייען. די מאַנסבילען זיינען געווען מיד און האָבן געדרימלט זיצנדיק, און אַז יודענע האָט א געשריי געטון, האָבן זיך אַלע באַרואיקט. איצט זיינען זיי שוין זיכער, און זיי האָבן אפּדערגיך פאַרכאַפּט ערטער נעענטער צום פייער. די אַלטע, אז זי האָט דערהערט יודענעס געשריי, האָט זי זיך צעלאַכט. זי האָט נאָך

געלאכט דערפון, וואָס סי, יודענעס קליינע כאַווערטע סי, האָט געוויינט. און ווי נאָר ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָבן זיך אלע אפדערגיך אופגעכאַפּט און זיינען אַוועקגעלאָפן אַ קוק טון, וואָס טוט זיך דאָרט בא די אָלכע-ביימער, און זיי האָבן דערזען, אַז יודענא איז שוין דאָרט ניטאָ. זיי האָבן זיך מער ניט געקענט איינהאַלטן און האָבן ארויסגעוויזן זייער גרויסע פרייד, וואָס אויאַ איז באפרידיקט. נאָר די מאַנסבלען האָבן זיך דערמאנט אין אוגלאָמי, און זייער סימכע איז פאַרשטערט געוואָרן. זיי האָבן געוואוסט די רעכט פון נעקאָמע, ווייל נעקאָמע איז דאָך אלט ווי די וועלט, און קיין אויסגאַנג פון דער לאַגע האָבן זיי ניט געזען. פלוצלינג איז פונם טשערעט אַרויסגעשפּרונגען אַ היענע און איבערגעלאָפן דעם פעלד. איר פיסק און די לאַפּעס זיינען געווען אין בלוט. דערזעענדיק די היענע, האָבן אַלע מאַנסבלען זיך גענומען שרייען, זיך געכאַפּט פאר די שליידערשטיינער און זיך געלאָזן לויפן נאָך איר. ניטאָ נאָך אזא כאַיע, וואָס זאָל אין באַטאָגעדיקער שיין זיין אַזוי עקלדיק און אַזוי שרעקנדיק, ווי אַ היענע. אַלע מאַנסבלען האָבן פיינט געהאַט די היענעס דערפאר, וואָס זיי פארשלעפן קינדער און בייסן יעדערן, וואָס שלאָפט ווייט פונם פייער. קאצנפעל האָט גוט אָנגעצילעוועט און האָט געפיקט דער היענע גלייך אין זייט אריין, און דער גאַנצער שייוועט האָט אָנגעהויבן קוויטשען פון פאַרגעניגן.

אין מיטן דעם קוויטשעריי און דעם גערויש האָט זיך פלוצלינג דערהערט אַ קלאַפּן פון פליגל אין דער זייט פונם לייבס באַהעלטעניש. דריי ווייסקעפּיקע קאָרשאַקעס האָבן זיך פאַמעלעך אופגעהויבן פונדאָרט, האָבן געמאַכט עטלעכע קרייזן אינדערלופטן און האָבן די אויגן ניט אַראָפּגענומען פונם לייבס באַהעלטעניש.

— אונזער הערשער איז אַוועק, — האָט די אַלטע געזאָגט, און האָט געוויזן אַף די פייגלען. — די קאָרשאַקעס האָבן באַקומען זייער כיילעק פון יודענען.

נאָך אַ שטיקל צייט זיינען די קאָרשאַקעס געזעסן אױף דער אָלכע. דערנאָך האָבן זיי זיך אופגעהויבן איינער נאָכן צווייטן און האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן אינם טשערעט אריין.

און אַף מיזרעך־זייט איבער די ביימער האָבן זיך צעפלאַ־קערט די ערשטע שטראַלן פון דער אופגייענדיקער זון און האָבן געבראַכט מיט זיך פאַר דער גאַנצער וועלט לעבן און פאַרב. די קינדער האָבן זיך פריילעך צעשריגן, געפּאַטשט מיט די הענטלעך און אַוועקגעלאָפן צום טייך. נאָר די קליינינקע סי איז אָפּגע־שטאַנען. זי האָט צעמישט און טרויעריק געקוקט אױף די אָלכע־ביימער, אַהין, וואו נעכטן אינאָוונט האָט זי געזען יודענעס קאָפּ.

אויאַ, דער אַלטער לייב, איז אינערגעץ ניט אַוועק, ער איז געווען אינדערהיים, נאָר ער איז געלעגן זייער שטיל, איז געלעגן אױף אַ זייט. ער איז געלעגן ניט בא זיך אין באַהעלטעניש, נאָר אַביסעלע ווייטער, אַף דער צעטאָפּטשעטער גראָז. אונטער איין אויג איז באַ אים געווען אַ קליינינקע וואונד, אַ שוואַכער שפּור פון דער ערשטער האַק. נאָר איבער דער ערד לעבן אים האָט זיך געצויגן אַ טונקל־רויטער פאַס, און אַף זיין ברוסט איז געווען אַ קליין לעכל פון אוג־לאָמיס שפּיז. אַפן זייט און אפן האַרץ באַם לייב האָבן שוין די רויב־פייגלען געלאָזן זייערע שפּורן. אוג־לאָמי האָט דערהאַרגעט דעם לייב. אַז דער לייב האָט אים מיט אַ זעץ פון זיין מעכטיקער לאַפּע אומגעוואָרפן, האָט אוג־לאָמי אַ פאַרצווייפלטער גלאַט אין דער וועלט אריין אַ שטאָך געטון מיטן שפּיז, מיט אלע קויכעס האָט ער אַ שטאָך געטון מיטן שפּיז און צום גליק האָט ער געפּיקט דעם ריז פּונקט אין האַרצן אריין. אַזוי איז געקומען אַ סאָף צו דעם לייבס געוועל־טיקן, צו אויא — דעם הערשערס צווייטן גילגל.

אַפן בערגל האָט מען זיך מערער און מערער געטומלט. דער שייוועט האָט זיך געגרייט צום גערעג, געשאַרפט שפּיזן און שליידער־שטיינער, קיינער האָט ניט דערמאָנט אוג־לאָמיס נאָמען, ווייל זיי האָבן מוירע געהאַט זיי זאָלן אים דערמיט ניט ארויס־

רופן. די מאַנסבלען גייען וואַלקעסווייס אפן געיעג אַף אַ טאָג, צי אַף צוויי. דאָס גייען זיי אַף אוג־לאָמין, ווייל אויב ניט, וועט ער גיין אַף זיי.

נאָר אוג־לאָמי איז זיך געלעגן שטיל און אומבאַוועגלעך אַף יענער זייט באַהעלטעניש פונם לייב, און יודענאַ איז געזעסן לעבן אים און אין האַנט האָט זי געהאַלטן זיין יאַסענעם שפּיז, וואָס איז געווען באַגאָסן מיטן לייבס בלוט.

---

# V. די מילכאָמע אינם לייבן-וואַלד.

אוג־לאָמי איז געלעגן שטילערהייט, מיט דער פּלייצע צו די אָלכע־ביימער. איין דיך האט געהאַט א שרעקלעכן אויסזען, ווי אַ בלוטיקע קאַשע. ווען אונזערער א מענטש, אַ ציוויליזירטער, וואָלט באַקומען אַזאַ וואונד, וואָלט ער דאָס געוויס ניט איבער־געלעבט. נאָר דאָ איז אנדערש פאָרגעקומען. יודענאַ האָט אָנגע־קליבן שטעכלקעס און מיט דידאָזיקע שטעכלקעס האט זי צו־נויפגעצויגן די וואונד און איז געזעסן לעבן אים טאָג און נאַכט. באַטאָג האָט זי פון אים אָפּגעטריבן די פליגן מיט אַ פאָכער פון טשערעט, און באַנאַכט—די היענעס מיט דער ערשטער האַק.

ס'האָט שוין געהאַלטן באַ מיט זומער. קיין רעגן איז ניט געווען. די ערשטע צוויי טעג, ביז אוג־לאָמיס וואונדן האָבן זיך נאָך ניט פאַרצויגן, האָבן זיי קימאַט גאָרניט ניט געגעסן. דאָ אין טאָל, וואו זיי האָבן זיך באַהאַלטן, איז ניט געווען ניט קיין וואָרצלען, ניט קיין קליינע כאַיעלעך, און דער טייך מיט זיינע שנעקן און פיש איז געווען אַ הונדערט יאַרד פונדאַנען אַף אַן אָפענעם אָרט. באַטאָג האָט יודענאַ ניט געטאָרט אַרויסגיין, ווייל זי האָט מוירע געהאַט פאר די מענטשן פון איר שייוועט, פאַר אירע אייגענע ברידער און שוועסטער, און באנאַכט האָט זי

מוירע געהאַט פאַר די כאַיעס. די כאַיעס האָבן זיך געמוזט דערווייל באַנוגענען דערמיט, וואָס זיי האָבן צוזאַמען מיט די קאָרשאַקעס געריסן דעם קערפּער פונם דערהאַרגעטן לייב.

ניט ווייט איז געפלאָסן אַ קוואַל, און פונדאָרט פלעגט יודענאַ אין די הויפנס ברייגגען וואַסער אף טרינקען. דאָס אָרט, וואו אוג־לאַמי איז געלעגן, איז געווען פארשטעלט פונם שייוועט מיט דעם אָלכע־וואלד און גוט באַשיצט מיט טשערעט און פאַפאָראָטן. דער דערהאַרגעטער לייב איז געלעגן לעבן זיין אַלטער באַהעלטעניש אף דער איינגעטאָפּטשעטער גראָז, אַ יאַרד פונפציק פון אוג־לאַמין. דורכן פאַפאָראָט האָט מען געקענט זען, ווי די קאָרשאַקעס רייסן זיך צווישן זיך פאַר אַ בעסער שטיקל און טרייבן אָפּ די שאַקאַלן. איבער דעם לייבס נעווײלע האָבן זיך געטראָגן מיליאָסן פליגן, ענלעכע אף בינען, און אוג־לאַמי האָט פונדאַנען געהערט, ווי זיי זשוזשען. אַז אוג־לאַמיס וואונד האָט זיך פאַרהיילט — דאָס איז פאַרגעקומען ניט מער ווי אין עטלעכע טעג אַרום — איז פונם לייב שוין געבליבן נאָר הוילע ביינער — ריינע, אָפּגעריזעטע, גלאַנצנדיקע ביינער.

באַטאָג איז אוג־לאַמי מערסטנטייל געזעסן אומבאַוועגלעך און געקוקט ערגעץ אין דער וועלט אריין. אַמאָל פלעג ער זיך נעמען מורמלען עפּעס וועגן פערד, בערן און לייבן. אַמאָל פלעגט ער שאָענווייס שלאָגן די ערד מיט זיין האַק און פלעגט דערביי אויסרעכענען אַפן נאָמען אַלע מענער פון זיין שייוועט, אַזוי ווי ער וואָלט גאָרניט מוירע געהאַט אָנרופן אף זיך דערמיט זיין שייוועט. נאָר מער פאַר אַלץ פלעג ער באַטאָג שלאָפן. און אַזוי ווי ער האָט פאַרלוירן אַסאַך בלוט און געגעסן האָט ער ווייניק, פלעגן זיך אים כאָלעמען ווייניק כאַלוימעס. און באַנאַכט, ווען די נעכט זיינען געווען קורצע, זומערדיקע, האָבן זיי ביידע געוואַכט.

באַנאַכט, אינדערפינצטער, פלעגן זיך אָנהייבן רירן אַרום זיי עפּעס אַזוינע באַשעפענישן, וואָס זיי האָבן קיינמאָל באַטאָג ניט

געזעען. עטלעכע נעכט דורכאַנאַנד האָבן זיך קיין היענעס ניט געוויזן, און איינמאָל אין אַ ניט־לעוואָנעדיקער נאַכט האָט זיך באַוויזן אַ גאַנצע טוץ. זיי האָבן זיך געריסן פֿאַר די שיראַיִם פֿונם לייב. אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיי געהיילט די היענעס, און אוג־לאָמי מיט יודענען האָבן דײַטלעך געהערט, ווי ס׳כראָמטשען די ביינער אין זייערע ציין. זיי האָבן אָבער געוואוסט, אַז אַ היענע וועט זיך קיינמאָל ניט דערוועגן אָנפֿאַלן אַף אַ לעבעדיק און וואַכעדיק באַשעפעניש. און דערפֿאַר האָבן זיי ניט שטאַרק מוירע געהאַט פֿאַר דידאָזיקע כאַיעס.

באַטאָג פֿלעג יודענאַ אַרויסגיין אַף דער סטעזשקע, וואָס דער לייב האָט אויסגעטראָטן אין טשערעט. יודענאַ פֿלעג צוגיין ביז דעם אָרט, וואו דער טײַך פֿאַרקערעוועט, און דאָ, אַ באַהאַלטענע אין דעם ווילדוואוקס, פֿלעג זי שאָענוויים נאָכקוקן נאָכן שייוועט. זי איז געלעגן לעבן דיזעלבע אָלכע־ביימער, צו וועלכע מ׳האָט זי גאָר ניט לאַנג צוגעבונדן, און פֿונדאַנען האָט זי געזען: אַפֿן בערגל לעבן פֿייער רירן זיך קליינע, דײַטלעכע פֿיגורן, אַזוי ווי דעמאָלט אין יענער שרעקלעכער נאַכט. נאָר יודענאַ פֿלעג ניט דערציילן אוג־לאָמין דאָס, וואָס זי האָט געזען. יודענאַ האָט מוירע געהאַט, אַז מיט דעם וואָס זי וועט אַרויסזאָגן די נעמען פֿון אויאַס זין, וועט זי זיי אָנרופֿן אַף זיך. אַזוי האָט מען דעמאָלט געגלויבט.

שוין דעם ערשטן פֿרימאָרגן, נאָך דעם ווי אוג־לאָמי האָט געהאַרגעט דעם לייב, האָט יודענאַ געזען, ווי די מאַנסבלען האָבן אָנגעשאַרפֿט זייערע שפּיזן און שליידער־שטיינער און האָבן זיך געלאָזן אַף געיעג נאָך אוג־לאָמין. אינדערהיים האָבן זיי געלאָזן נאָר די פֿרויען און די קינדער. די יעגער האָבן אַפֿילע קיין פֿאָרשטעלונג ניט געהאַט, ווי נאָענט פֿון זיי ס׳געפֿינט זיך אוג־לאָמי. זיי האָבן זיך אויסגעשטעלט איינס נאָכן אַנדערן און אונטער דער אָנפֿירונג פֿון סיס־שפּורפֿאָרשער זײַנען זיי פֿאָרזיכטיק אַוועק אַף די שפּורן פֿון אוג־לאָמין.

יודעגאַ האָט נאָכגעקוקט נאָך די פּרויען און די קינדער. באַלד ווי די מאַנסבּלען זיינען אַוועק, האָבּן די פרויען זיך גענומען זאַמלען בּלעטער פון פּאַפּאָראָטן און צווייגלעך פאַר באַנאַכטיקע פייערן, און די מיידעלעך און אינגעלעך זיינען אומגעלאָפן און זיך געשפּילט. נאָר דערשראָקן האָט זיך יודענאַ — און ניט אַף קיין ווערטעלע זיך דערשראָקן—פאַר דער אַלטער. אינאָוונט, ווען קימאַט אלע זיינען געווען אונטן באַם טייך, איז די אַלטע ארויס־געקראָכן און האָט זיך אַוועקגעשטעלט אף דער זייט בּערגל, וואָס צו יודענען־צו, אן איינגעשרומפּענע, טונקעלע פיגור,· און האָט אָנגעהויבּן אַזוי זשעסטיקולירן, אַז יודענאַ איז קימאַט זיכער געווען, אַז די אַלטע האָט זי דערזען. יודענאַ האָט זיך פאַרטאיעט, ווי אַ האָז. אַ לאַנגע צייט האָט זי אירע בּליצנדיקע אויגן ניט אַראָפּגענומען פון דער הויקערדיקער מאַכשייפע, און פלוצלינג האָט זי עפּעס אַזוי ווי פאַרשטאַנען. דאָס דאַוונט זי, די אַלטע, צום לייב, וואָס אוג־לאָמי האָט דערהאַרגעט.

אַף מאָרגן האָבּן די יעגערס זיך אומגעקערט פאַרמאַטערטע און האָבּן געבּראַכט מיט זיך אַ הירש. יודענא האָט מיט קינע געקוקט אַפּן פאנג. דערנאָך איז פאָרגעקומען עפּעס אַ זעלטענע זאַך: יודענא האָט געזען און געהערט גאַנץ קלאָר, ווי די אלטע שרייט, זשעסטיקולירט און ווייזט גלייך אַף איר, אַף יודענען. יודענא האָט זיך דערשראָקן און, ווי אַ שנעק, איז זי אָפּגעקראָכן אין אַ זייט. נאָר ס׳האָט זיך פאָרט געוואָלט וויסן, האָט זי זיך אומגעקערט אַף איר אויסקוק־אָרט. און אַז זי האָט ווידער אופ־געהויבּן די אויגן, האָט זיך בּאַ איר ווידער אָפּגעריסן אין האַרצן. אַלע מאַנסבּלען מיט געווער אין די הענט זיינען אַראָפּ פונם בּערגל און זיך געלאָזן גיין גלייך אַהער צו איר.

יודענא האָט זיך קיין ריר ניט געטון. זי האָט זיך צוגעטוליעט שטייף צו דער ערד, אַבּי מ׳זאָל זי ניט בּאַמערקן. די זון איז שוין געווען נידעריק, און אירע שטראַלן האָבּן געשפּילט מיט גאָלד אַף די פּענימער פון די מאַנסבּלען. יודענאַ האָט געזען, ערשט

זיי טראָגן אַ שטיק פעט רויט פלייש אָנגעשטעקט אַף אַ יאַסענעם שפּיז. פּלוצלינג האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט.

— נו, פאַרוואָס גייט איר ניט? — האָט די אַלטע געשריען.

קאַצנפעל האָט אָנגעהויבן בורטשען און זיי האָבן זיך געלאָזן גיין ווייטער, פארבלענדטע פון דער העלער זונען־שיין, און האָבן געזשמורעט די אויגן צו דער זייט פון דעם לייבס באהעל־טעניש.

— אָט־אָ־דאָ! — האָט געזאָגט סיס.

זיי האָבן אַראָפּגעלאָזן דעם יאַסענעם שפּיז מיט פלייש און האָבן אים אַריינגעשטעקט אין דער ערד אריין.

— אויאַ,—האָט אַ געשריי געטון סיס,—דאָס איז דיין כיילעק. און אוג־לאָמין האָבן מיר דערהאַרגערט. אַיאָ, מיר האָבן דערהאַר־געט? היינט האָבן מיר דערהאַרגעט אוג־לאָמין, און מאָרגן וועלן מיר דיר ברייגגען זיין קערפּער.

און די איבעריקע האָבן אַף אַ קאָל איבערגעכאַזערט זיינע ווערטער.

די מענער האָבן באַטראכט איינער דעם צווייטן, האָבן אַ קוק געטון צוריק און האָבן זיך אומגעקערט צום בערגל. פריער האָבן זיי זיך גערוקט מיט דער פּלייצע, און נאָכדעם האָבן זיי זיך אַביסל אויסגעקערעוועט און האָבן זיך געלאָזן גיין גיכער און גיכער, און מיטאַמאָל האָבן זיי זיך געלאָזן לויפן מיט אלע קויכעס ביזן סאמע לאַגער־פּלאַץ.

די זון איז פאַרגאַן; ס'איז אַראָפּ דער אָוונט. די פייערן האָבן געשיינט, ווי רויטע פלעקן אפן נעפּלדיק־בלויען פּאָן פון די ווייטע קאַשטאַנען. די שטימען אַפן בערגל זיינען איצט געווען פריילעכע. יודענאַ איז געלעגן און האָט זיך קימאַט ניט באַוועגט. זי האָט איבערגעפירט די אויגן פונם בערגל אַפן פלייש, וואָס די מענער האָבן דאָ געלאָזן, און ווידער צוריק אַפן בערגל. יודענא איז גע־ווען הונגעריק, נאָר זי האָט מוירע געהאַט און האָט זיך אומגע־קערט צו אוג־לאָמין.

אַפֿן גרינגן געוויש פֿון אירע טריט האָט אוג־לאָמי זיך אויס־
געקערעוועט, זיין פּאָנים איז געווען אין שאָטן.

— האָסט מיר געבראַכט עפּעס עסן? — האָט ער געפֿרעגט.

יודענאַ האָט געענטפֿערט, אַז זי האָט גאָרניט ניט געקענט
געפֿינען, נאָר זי וועט נאָך אַ זוך טון, און איז צוריק אַוועק מיט
דער לייבן־סטעזשקע צו דעם אָרט, פֿונוואַנען מ'האָט אויסגעזען
דאָס בערגל. נאָר ווידער האָט זי ניט געקענט פֿויעלן בײַ זיך
נעמען דאָס פֿלייש. ס'האָט זי אָפּגעהאַלטן דער אינסטינקט פֿון אַ
כאַיע, וואָס האָט מוירע פֿאַר אַ פּאַסטקע. זי האָט זיך געפֿילט
זייער אומגליקלעך.

יודענאַ איז אַוועקגעקראָכן צוריק צו אוג־לאָמין און דאָ האָט
זי דערהערט, אַז אוג־לאָמי דרייט זיך און קרעכצט זייער שטאַרק.
האָט זי זיך נאָכאַמאָל אומגעקערט צום פֿלייש. נאָר אַז זי איז
געקומען, האָט זי דערזען, אַז עפּעס רירט זיך לעבן דעם שפּיז
מיטן פֿלייש. זי האָט זיך איינגעקוקט אין דער טונקל און האָט
באַמערקט אַ שאַקאַל. די מינוט האָט זיך צו איר אומגעקערט איר
מוט. זי האָט אַ שפּרונג געטון מיט צאָרן, אַ געשריי געטון און
האָט דערהערט דאָס ברומען פֿון אַן אַנטלויפֿנדיקן שאַקאַל.

זי איז צוגעגאַן. דער יאַסענער שפּיז איז געלעגן אַף דער
ערד, נאָר קיין פֿלייש איז ניט געווען. זי האָט זיך געמוזט אומ־
קערן צוריק מיט. גאָרניט און הונגערן צוזאַמען מיט אוג־לאָמין
אַ גאַנצע נאַכט. אוג־לאָמי האָט זיך געבייזערט אַף איר, לעמאַי זי
האָט אים קיין עסן ניט געבראַכט, נאָר אים האָט זי גאָרניט
ניט דערציילט.

ס'איז אַוועק צוויי טעג. אוג־לאָמי און יודענא האָבן נאָך אַלץ
געהונגערט.

אַפֿן דריטן טאָג האָט דער שיווועט דערהאַרגעט אַ פֿערד,
ס'האָט זיך איבערגעכאַזערט דיזעלבע צעראָמאָניע, און אַפֿן
יאַסענעם שפּיז האָט מען געלאָזן פֿאַר אַ קאָרבן אַ הינטערשטן
פֿוס. איצט האָט זיך יודענאַ שוין מער ניט געקווייקלט.

מיט זשעסטן און מיט ווערטער האָט זי דערציילט אוג־לאָמין, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. נאָר ער האָט פאַרשטאַנען, וואָס זי דערציילט ערשט נאָכדעם, ווי ער האָט אופגעגעסן דעם גרעסטן טייל פלייש, וואָס יודענא האָט געבראַכט. און אַז ער האָט פאַרשטאַנען די געשיכטע מיט דעם פערדישן פוס, איז דאָס אים זייער געפעלן געוואָרן.

— איך בין אויאַ, — האָט ער געזאָגט. — איך בין דער לייב. איך בין דער גרויסער הייל־בער. איך, וואָס איך בין פריער געווען נאָר אוג־לאָמי. איך בין אואַו. דאָס איז גוט, וואָס זיי האָבן דערווען מיך, ווייל אַז איך וועל קומען אַביסל צו זיך, וועל איך זיי אַלעמען דערהאַרגענען.

יודענען איז געווען זייער גרינג אַפּן האַרצן און זי האָט געלאַכט צוזאַמען מיט אוג־לאָמין. דערנאָך האָט זי מיט פאַרגעניגן זיך איינגעפּאָרעט מיט דעם, וואָס אוג־לאָמי האָט איר געלאָזן פונם פערדישן פוס.

די נאַכט האָט אוג־לאָמי געזעען א כאָלעם. אף אינדערפרי האָט ער געהייסן יודענען, זי זאָל אים ברענגען די ציין און די נעגל פונם לייב — אַלע, וויפל ס'איז נאָר דאָ, און זאָל אויסהאַקן אן אָלכענעם דריינגל. די לייבנציינער און די נעגל האָט אוג־לאָמי קונציק צוגעפּעסטיקט צום דריינגל מיט די שפּיצן אַרויס. ער האָט זייער לאַנג געשוויצט איבער דעם, און בא דער אַרבעט האָט ער קאָלי געמאַכט צוויי ציינער. איז ער אין קאַס געוואָרן און האָט אַוועקגעוואָרפן דעם דריינגל. דערנאָך אָבער האָט ער אַליין צוגעפּויזעט צו דעם אָרט, וואוהין ער האָט פאַרוואָרפן דעם דריינגל, און האָט צוגעפּעסטיקט צו אים די איבעריקע ציינער. ס'האָט זיך באַקומען אן אויסערגעוויינלעכער מין דובניע, א דרוק, אָנגעשטעקט מיט ציינער. יענעם טאָג האָבן אוג־לאָמי און יודענא געקראָגן נאָך פלייש. דער שייוועט האָט אונטערגעטראָגן דעם לייב א נייעם קאָרבן.

פון דעם טאָג, וואָס אוג־לאָמי האָט זיך געמאַכט זיין דרוק מיט ציינער, זיינען אַוועק אַסאַך טעג, מער, וויפל ס'איז פאַראַן

פינגער אַף די הענט און מערער, איידער עמעצער קען איבער־ ציילן. אוג־לאָמי איז געשלאָפן, און יודענאַ איז געלעגן אין די ווילדוואוקסן, נאָכקוקנדיק נאָכן לאגער־פּלאַץ. שוין דריי טעג איז קיין פלייש ניט געווען. די אַלטע איז אַרויס און האָט זיך גענר־ מען דאַווענען, ווי איר שטייגער איז. בעאַייס זי האָט געדאַוונט, האָבן זיך באַוויזן אַראָפּ פונם בערגל יודענעס קליינע כאַווערטע סי און דאָס מיידעלע פון סיס ערשט ווייב. די קינדער זיינען געשטאַנען, האָבן געקוקט אַף דער ביינעריקער פיגור פון דער אַלטער און האָבן אָנגעהויבן זי איבערקרימען. יודענען איז דאָס זייער געפעלן געוואָרן. נאָר פלוצלינג האָט די אַלטע זיך אויסגעקערעוועט און האָט דערזען די קינדער. א מינוט זיינען זיי געשטאַנען — די אַלטע און די קינדער, אומבאַוועגלעך. און דערנאָך האָט זיך די אַלטע אַ וואָרף געטון אַף זיי מיט א ווילדן געשריי, און אלע דריי זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן אַף יענער זייט בערגל.

אינדערגיך האָבן די קינדער א שווינדל געטון צווישן די פּאַ־ פּאָראָטן אַראָפּ פונם בערגל. די קליינע סי איז געלאָפן פאָרויס, זי איז געווען זייער א פלינקע. דאָס צווייט מיידעלע איז אָפּגעשטאַ־ נען און האָט זיך באַגאָסן מיט טרערן. אָט באַלד וועט זי די אַלטע כאַפּן. אפן שפּיץ פון בערגל האָט זיך באַוויזן סיס מיט א ביין אין האַנט. באָ און קאצנפּעל האָבן אונטערטעניק זיך נאָכגעשלעפּט נאָך אים און האָבן אויך עפּעס געהאַלטן אין קייען. אלע דריי האָבן זיי געלאַכט און זיך געפרייט, קוקנדיק ווי די אַלטע איז צעררייצט. פלוצלינג האָט די אַלטע א געשריי געטון, א כאַפּ געטון דאָס מיידעלע און זי אָנגעהויבן שלאָגן. דאָס מיידעלע האָט זיך צעוויינט. אין אַלגעמיין איז דאָס געווען אַן אויסגעצייכנטע נאָכ־ מיטאָגדיקע פאַרוויילונג. די קליינע סי איז נאָך אביסל געלאָפן, דערנאָך האָט זי זיך אָפּגעשטעלט צי פון שרעק, צי פון נייגער.

פלוצלינג איז אָנגעפלויגן א פאַרסאַפּעטע מיט צעלאָזענע האָר די מאַמע פון דעם מיידעלע, וואָס די אַלטע האָט געשלאָגן. אין האַנט האָט זי געהאַלטן א שטיין, און די אַלטע האָט זיך אויס־

געקערעוועט צו איר, ווי א ווילדע קאַץ. אין א געשלעג האָט די אַלטע זיך געקענט שטעלן אַנקעגן יעדער פרוי. ניט אומזיסט איז זי דאָך געווען די הויפּטהיטערן פון פייער, ניט קוקנדיק אף איר אַלטקייט. נאָר איידער זי האָט נאָך באַוויזן עפּעס צו טון, האָט סיס אָנגעהויבן שרייען אף איר, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן א שרעקלעכער גוואַלד. ס׳האָבן זיך באַוויזן נאָך עמעצענס צעקאָש־מעטע קעפּ. דער גאַנצער שייוועט איז, אפּאָנים, געווען אינדער־היים און האָט געהולעט און געפּרעסן. נאָר די אַלטע האָט זיך שוין ניט דערוועגט אויסלאָזן איר קאַס אַפן קינד, וואָס סיס האָט זיך איינגעשטעלט פּאַר דעם.

אַלע האָבן געטומלט און געשריגן, אַפילע די קליינינקע סי. פּלוצלינג האָט די אַלטע אַרויסגעלאָזן פון די הענט דאָס מיידעלע און האָט זיך געשווינד א לאָז געטון צו סי. באַ סי איז קיין פריינט ניט געווען, סי האָט ערשט דעמאָלט פּאַרשטאַנען, וואָס פּאַר א גע־פּאַר ס׳שטייט איר פּאָר, ווען די אַלטע איז געווען אף א פּאָר טריט פון איר. מיט אַלע קויכעס און מיט א שוואכן געשריי האָט סי זיך א לאָז געטון לויפן. זי האָט שוין ניט געקוקט, וואוהין זי לויפט, און האָט זיך א לאָז געטון גלייך צו דער באַהעלטעניש פונם לייב. און אז זי האָט דערזען, וואוהין זי איז אריינגעפּאַלן, האָט זי פּאַרקערעוועט אין א זייט אינם טשערעט.

נאָר די אַלטע איז געווען א וואונדערלעכע פרוי. זי איז געווען ניט ווינציקער פלינק, ווי בייז, און גאָר גיך האָט זיך איר איינ־געגעבן כאַפּן סי פּאַר די צעלאָזענע האָר. דאָס איז געווען א יאַרד דרייסיק פון יודענען. איצט איז שוין דער גאַנצער שייוועט אַראָפּ־געלאָפן פונם בערגל מיט א געשריי און מיט א געלעכטער. זיי האָבן זיך געגרייט נאַכעס קלייבן פון דער פּאָרשטעלונג.

עפּעס האָט זיך איבערגעקערט אין יודענען, עפּעס אַזוינס, וואָס פריער האָט זי אין זיך ניט באַמערקט. איצט האָט זי געטראַכט נאָר פון דער קליינער סי און האָט אינגאַנצן פּאַרגעסן אין זיך. זי איז אַרויסגעשפּרונגען פון איר באַהעלטעניש און האָט זיך א

וואָרף געטון פאָרויס. די אַלטע האָט זי ניט געזעען. זי איז געווען שטאַרק פאַרטון אין איר אַרבעט: שלאָגן די קליינע סי איבערן פּאָנים. און פּלוצלינג האָט עפּעס שווערס צעיאָגט, א זעץ געטון די אַלטע איבערן באַק. זי האָט זיך אומגעקוקט און האָט צווישן זיך און דער קליינער סי דערזען יודענען. די אויגן בײַ יודענען האָבן געברענט און די באַקן זײַנען געווען רויט.

די אַלטע האָט א געשריי געטון פון פאַרוואונדערונג און שרעק, און די קליינע סי, וואָס האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס טוט זיך דאָ, האָט זיך א וואָרף געטון לויפן צום לאַגער־פּלאַץ.

דער גאַנצער שייוועט איז געשטאַנען און האָט געקוקט, וואָס קומט דאָ פאָר. דערזעענדיק אַזוי אומגעריכט יודענען, האָבן זיי אינגאַנצן פאַרגעסן זייער שרעק פאַרן לייב, וואס איז שוין בע־מיילע אָפּגעשוואַכט געוואָרן, און דער גאַנצער שייוועט האָט זיך א לאָז געטון צו יודענען,

אין איין רעגע איז יודענע אָפּגעשפּרונגען פון דער אַלטער, וואָס איז געזעסן צוגעשלאָגן צו דער ערד, און האָט אָנגעיאָגט סי.

— סי! — האָט זי אַ געשריי געטון, — סי!

דאָס מיידעלע האָט זיך אָפּגעשטעלט.

יודענאַ האָט דאָס געכאַפּט אף די הענט, זיך צוגעטוליעט מיטן פּאָנים צו איר צעשלאָגענעם פּענימל, האָט זיך אויס־געקערעוועט אף צוריק און איז אַוועקגעלאָפן צו איר וואוינונג אין דער זייט פונם לייבס באַהעלטעניש. די אַלטע איז איצט גע־שטאַנען אַן אויסגעצויגענע אין איר גאַנצער גרייס, און אין ווילדן צאָרן האָט זי באַשאָטן יודענען מיט זידל־ווערטער, נאָר זי האָט זיך ניט דערוועגט זי אָפּשטעלן. וואו די סטעזשקע פאַרקערעוועט זיך, האָט יודענאַ זיך אויסגעדרייט און האָט דערזען: אַלע מאַנס־בלען פונם שייוועט שרייען עפּעס איינער אַפן צווייטן, און סיס לויפט מיט אלע קויכעס אף דער לייבן־סטעזשקע.

יודענאַ האָט מיט א שמאָל סטעזשקעלע דורכן טשערעט זיך דורכגעשלאָגן צו דעם באַהאַלטענעם אָרט, וואו אוג־לאָמי איז גע־

זעסן. אוג־לאָמי האָט זיך ערשט אופגעכאַפּט פונם געשריי און האָט זיך געריבן די אויגן. און אָט איז יודענא זיין ווייב צוגעלאָפן צו אים מיט דער קליינער סי אף די הענט. דאָס האַרץ איז באַ איר שיר ניט אַרויסגעשפּרונגען געוואָרן.

— אוג־לאָמי! — האָט זי געשריגן, — אוג־לאָמי, דער שייוועט גייט אַהערצו.

אוג־לאָמי האָט גאָרניט ניט פאַרשטאַנען און מיט אן אָפענעם מויל האָט ער געקוקט אף יודענען און אף סי.

אף איין האַנט האָט יודענאַ געהאַלטן סי, און מיט דער צווייטער האָט זי אים באַוויזן אַהין צום לאַגער־פּלאַץ און מיט דער קאַרגער צאָל ווערטער, וואס זי האָט פאַרמאָגט, האָט זי זיך גע־פּרואווט אים דערקלערן, וואָס דאָ קומט פאָר. מ'האָט שוין געהערט, ווי די מאַנסבלען שרייען. זיי האָבן זיך, אפּאָנים, אָפּגעשטעלט אף יענער זייט ווילדוואוקסן. יודענאַ האָט אַראָפּגעלאָזן פון די הענט סי, האָט געכאפּט דעם נייעם דרוק מיט די אָנגעשטעקטע לייבן־ציינער און אים אַריינגערוקט צו אוג־לאָמין אין די הענט. זי איז אָפּגעלאָפן אף עטלעכע אַרשין און האָט געכאַפּט די ערשטע האַק.

— אַ, — האָט אוג־לאָמי געזאָגט און האָט געכאַפּט זיין דרוק.

ער האָט פלוצלינג פאַרשטאַנען, וואָס דאָ טוט זיך. ער האָט א מאַך געטון אין דער לופטן מיט זיין דרוק און מיט גרויס מאַ־טערניש האָט ער זיך געפּרואווט שטעלן אף די פיס.

ער איז געשטאַנען, נאָר מיט איין האַנט האָט ער זיך צוגע־האַלטן פאַר א בוים און גרינג, קאַם, קאַם, האט ער זיך צוגערירט צו דער ערד מיט זיין פאַרוואונדעטן פוס. אין דער צווייטער האַנט האָט ער געהאַלטן זיין נייעם געווער. ער האָט א קוק געטון אף זיין דיך, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין היילן.

פלוצלינג האָט דער טשערעט אָנגעהויבן שורשען. ס'איז שטיל געוואָרן, און ווידער א שאָרי, און פונם טשערעט האָט זיך באַוויזן סיס. אָנגעבויגן איז ער געגאַנגען, פאָרזיכטיק, מיטן שפּור, און אין די הענט האָט ער געהאַלטן זיין יאַסענעם שפּיז, וואָס איז געווען

אָנגעבערענט אַפּן פּייער. פּלוצלינג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, ווי צוגעוואַקסן צום אָרט. זיינע אויגן האָבן זיך באַגעגנט מיט די אויגן פון אוג־לאָמי.

אוג־לאָמי האָט די מינוט פאַרגעסן אין זיין פאַרוואונדעטער דיך. ער האָט זיך קרעפטיק אַוועקגעשטעלט אףביידע פיס. עפּעס האָט אָנגעהויבן קאַפּען. אוג־לאָמי האָט א קוק געטון אַראָפּ־צו און האָט דערזען: איבער די ברעגן פון זיין פאַרוואונדעטער וואונד האָבן זיך געגאָסן טראָפּנס בלוט. אוג־לאָמי האָט איינגענעצט די האַנט אין בלוט, ס׳זאָל זיין בעסער האַלטן דעם דרוק, און האָט אָנגע־שטעלט די אויגן אף סיסן.

— אוואַו! — האָט ער אַ געשריי געטון און האָט זיך א וואָרף גע־טון פאָרויס. און סיס, וואָס איז נאָך געשטאַנען מיט אָנגעשטעלטע אויגן אפן סוינע, האָט אַפּגעשווינד א שליידער געטון זיין שפּיז. דער שפּיז האָט צעריסן אוג־לאָמיס אויסגעצויגענע האַנט, מיט וועלכער ער האָט זיך פאַרשטעלט, און דער דרוק האָט זיך אַראָפּ־געלאָזן סיסן אפן קאָפּ. פון דעם קלאַפּ האָט סיס שוין קיינעם ניט געקענט דערציילן. ווי אַן אָקס אונטער דער האַק איז ער געפאַלן צו אוג־לאָמיס פיס.

פאַר באָ איז דאָס אלץ אויסגעקומען זייער מאָדנע. ער האָט זיך געפילט איינגאַנצן זיכער. אין ביידע זייטן האָט זיך געהוידעט דער הויכער טשערעט, און, אויסער דעם, האָט זיך ווי א שטאַרקע פעסטונג צווישן אים און דער הויפּט־געפאַר געפונען סיס. פון פלייצע האָט אים פאַרשטעלט שנעקפּרעסער. הייסט דאָס, אַז פון דער זייט איז אויך אלץ אין אָרדענונג געווען. ער האָט שוין גע־פויעלט בא זיך זיך האַלטן פונהינטן, און טויט אָדער ניצאָכן זאָל שוין אָנקומען בעסער סיסן. באָ אליין פלעג זיך שטענדיק באַנו־גענען מיט דער צווייטער ראָלע. באָ האָט געזען, ווי סיס האָט א שליידער געטון זיין שפּיז. דערנאָך האָט ער פּלוצלינג דערהערט אַ טעמפּן זעץ. די ברייטע פלייצע פון סיסן איז אומגעפאַלן און באָ האָט פאַר זיך דערזען אוג־לאָמין, וואָס איז געשטאַנען איבער דעם

דערשלאָגענעם אָנפירער. באַ באָסן איז די נעשאָמע אַנטפאַלן געוואָרן. אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן א שליידער־שטיין, און אין דער צווייטער א יאַסענעם שפיז. ער האָט שוין ניט דערלעבט אַפילע א טראַכט טון, מיט וואָסער געווער זאָל ער זיך בעסער באַנוצן.

שנעקפרעסער איז געווען כיטרער. ער האָט געהאַנדלט ניט ווי באָ און ניט ווי סיס, וואָס האָט זיך געפאַקט דער ערשטער. אַז דער דרוק מיט די אָנגעשטעקטע ציינער האָט זיך אופגעהויבן איבער שנעקפרעסערס קאָפ, האָט ער זיך צוגעזועצט אף די דיבקעס, זיך איינגעקאָרטשעט און מיט א געשווינדער, פינקטלעכער באַוועגונג א וואָרף געטון זיין שפיז, — דער שפיז האָט געפיקט אוג־לאָמין אין אַקסל אריין, — און טאַקע באַלד מיט א געשריי האָט ער א שמייס געטון זיין שליידער־שטיין, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער צווייטער האַנט. אוג־לאָמיס נייער שלאָג־דרוק האָט פאַרפעלט און איז פאַרפלויגן אינם טשערעט. יודענאַ האָט דערזען, ווי אוג־לאָמי האָט וואקלדיק אָפגעקערעוועט פון דער שמאָלער סטעזשקע צום אָפענעם פעלד־צו און איז אומגעפאַלן איבערן קערפער פון סיס. אין אוג־לאָמיס האַנט האָט געשטעקט דער שפיץ פונם יאַסענעם שפיז. באַלד נאָכן שפיז איז פונם טשערעט ארויס שנעקפרעסערס שיינענדיקער פאָנים. דאָס האָט זי, יודענאַ, טאַקע אים געגעבן זיין נאָמען, דעם שנעקפרעסער, און איצט האָט ער פון איר באַקומען די לעצטע באַליידיקונג. ווי נאָר שנעקפרעסער האָט זיך אַרויסגערוקט, האָט יודענאַ געשווינד און הויך אַ פאָך געטון מיט דער ערשטער האַק און אים געפיקט גלייך אין שלייף אריין. שנעקפרעסער איז אומגעפאַלן לעבן סיסן צו די פיס פון דעם אויסגעצויגענעם אוג־לאָמי.

און איידער נאָך אוג־לאָמי האָט באַוויזן אופצושטיין, זיינען פונם טשערעט אַרויסגעשפרונגען ביידע געלהאָריקע מיט אָנגעגרייטע שפיזן און שליידער־שטיינער, און באַלד נאָך זיי — שלאַנג. איינעם פון זיי האָט יודענאַ א זעץ געטון איבערן האַלז, נאָר

ס׳האָט זיך אים איינגעגעבן בלייבן אף די פיס. ער האָט זיך נאָר א וואָרף געטון אין א זייט און האָט דערמיט געשטערט זיין ברודער טרעפן אוג־לאָמין אין קאָפּ אַריין. מיט דער געשווינדקייט פון א בליץ האָט אוג־לאָמי אָפּגעוואָרפן זיין דרוק און האָט א כאַפּ געטון דעם סוינע פאַרן גאַרטל און אים אָפּגעוואָרפן אין א זייט, נאָכדעם האָט ער זיך ווידער א וואָרף געטון צו זיין דרוק.

און אָט איז ער שוין ווידער בא אוג־לאָמי אין די הענט. דערווייל איז דער געלהאָריקער, וואָס יודענאַ האָט אים פריער פּרילישעט, געקומען צו זיך און זיך א וואָרף געטון אף יודענען מיטן שפּיז. קעדיי אויסמיידן דעם קלאַפּ, האָט יודענאַ געמאַכט אַ טריט צוריק. איין רעגעלע נאָך האָט דער געלהאָריקער זיך געקווינקלט, אף וועמען זאָל ער אָנפאַלן: אף יודענען, צי אף אוג־לאָמין. אוג־לאָמי איז געווען נעענטער. געלהאָריקער האָט זיך א קערעווע געטון צו אים און האָט ארויסגעלאָזן א ווילדן געשריי. נאָר אוג־לאָמי האָט באַלד אים א כאַפּ געטון פאַרן האַלז, און זיין דובּניע האָט אוועקגעלייגט דעם דריטן קאָרבן. אז אוג־לאָמי האָט מיט אים געעקט, האָט ער א געשריי געטון. דאָס זיינען געווען ניט קיין ווערטער, נאָר א הויכער געשריי פון ניצאָכן.

דער צווייטער געלהאָריקער איז געלעגן ניט ווייט פון יודענען. מ׳האָט אויסגעזעען זיין פלייצע און זיין קאָפּ. איבער זיינע האָר איז געלאָפן א טונקל־רויטע ריטשקעלע. ער האָט זיך געסטאַרעט שטעלן אף די פיס. יודענאַ האָט אינסטינקטיוו, ניט טראַכטנדיק, דערפילט, אַז מ׳טאָר דאָס ניט דערלאָזן. זי האָט זיך א וואָרף געטון צו אים מיט דער האַק, נאָר זי האָט פאַרפעלט. ס׳האָט א שווינדל געטון דער פּראָפיל פונם געלהאָריקן. ער האָט זיך צוגעזעצט הינטער דער קליינער סי און דערנאָך האָט ער זיך געלאָזן לויפן דורכן טשערעט. ווי אן אומקלאָרער שאָטן האָט זיך באַוויזן שלאַנגס פיגור, ער איז געשטאַנען באַם סאַמע אָנהייב סטעזשקע האַלב אויסגעקערעוועט צו יודענען. און פלוצלינג האָט ער זיך אויסגעדרייט מיט דער פלייצע. יודענאַ האָט דערזען: אוג־לאָמיס דרוק

האָט אַ שווינדל געטון אינדערלופטן, און דערנאָך איז זיין צעקאָש־מעטער קאָפּ, זיינע פֿאַרבלוטיקטע האָר און זיין פּלייצע פֿאַר־שוואונדן געוואָרן אינם טשערעט נאָך שלאַנגען נאָך. אינדערגיכן האָט זי דערהערט שלאַנגס געשריי, ענלעך אַף אַ קוויטש פֿון אַ פּרוי.

יודענאַ איז דורכגעלאָפֿן פֿאַרביי סי צו יענעם אָרט אין די פּאַפּאָראָטן, וואו זי האָט דערזען דאָס הענטל פֿון דער האַק. אַז יודענאַ האָט זיך אומגעקוקט, האָט זי דערזען, אַז זי שטייט איינע אַליין צווישן דריי אומבאַוועגלעכע קערפּער. ס׳האָט פֿאַרכאַפּט דער אָטעם, די לופט איז געווען פֿול מיט געשרייען און קוויטשערייען. אַף אַ מינוט האָט זי דערפֿילט אַ שרעקלעכע שוואַכקייט, און ס׳האָט איר פֿאַרדרייט דער קאָפּ. נאָר פּלוצלינג איז איר אַרויף אַף די גע־דאַנקען, אַז מ׳קען דאָך אוג־לאָמין דערהאַרגענען דאָרט אַף דער שמאָלער סטעזשקע צווישן טשערעט. מיט אַ פֿאַרשטיקטן געשריי איז יודענאַ אַריבערגעשפּרונגען איבערן קערפּער פֿון באָ און איז אַוועקגעלאָפֿן נאָך אוג־לאָמין. אינדערבּרייט פֿון דער סטעזשקע זיינען געלעגן שלאַנגס פּיס. זיין קאָפּ איז געווען אינם טשערעט. אויסמיידנדיק שלאַנגס קערפּער, איז יודענאַ צוגעלאָפֿן צו דעם אָרט, וואו די סטעזשקע פֿאַרקערעוועט זיך און שפּאַרט זיך אָן אין די אָלכעביימער. פֿונדאַנען האָט זי דערזען, אַז אַלע געבליבענע זין פֿון אויאַן האָבן זיך צעשאָטן איבערן פֿעלד, ווי בלעטער פֿון אַ ווינט, און פֿליען צוריק צום לאַגער־פּלאַץ.

אוג־לאָמי האָט זיך אָנגעזעצט אַף קאצנפּעלן, נאָר קאַצנפּעל איז געווען לייכטפּיסיק, און אוג־לאָמין האָט זיך ניט איינגעגעבן אים אָניאָגן. אוג־לאָמי האָט זיך אויסגעקערעוועט צום יונגן אואַו־כאַו, לאַנג האָט ער זיך געיאָגט נאָך אים און איז אָפּגעשטאַנען פֿון אים נאָר דעמאָלט, ווען זיי זיינען פֿאַרלאָפֿן אַף יענער זייט בּערגל. דער קריגערישער בּרען האָט פֿאַרכאַפּט אוג־לאָמין. דער שפּיז, וואָס האָט געשטעקט אין זיין אַקסל, האָט אַף אים געווירקט, ווי אַף אַ פֿערד שפּאָרן. ווען יודענאַ האָט דערזען, אַז קיין געפֿאַר פֿאַר אוג־לאָמין איז שוין ניטאָ, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און האָט

שווער אָפּגעאָטעמט. זי האָט געקוקט, ווי פונדערווייטן לויפן דורך שווארצע פיגורן און איינער נאָך דעם צווייטן ווערן זיי פאַרפאַלן, איבערלויפנדיק דאָס בערגל. אינגיכן איז יודענאַ געבליבן אַליין. דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אַזוי געשווינד. אַפּן לאַגער־פּלאַץ האָבן זיך געהויבן ווי פריער געדיכטע זיילן רויך פונם ברודער־פייער. ס'איז אַלץ געווען פונקט ווי פריער, א מינוט צען צוריק, ווען די אַלטע איז דאָ געשטאַנען און האָט געדאַוונט צום לייב.

נאָר געדאַכט האָט זיך, אַז ס'האָט געדויערט זייער לאַנג, ביז אוג־לאָמי האָט זיך נאָכאמאָל באַוויזן פון אונטערן בערגל. ער איז צוגעגאַנגען צו יודענען א שיינענדיקער פון ניצאָכן און האָט שווער געאָטעמט פונם נאָכיאָגן. באַ יודענען האָט דאָס פּאָנים געברענט, די האָר זיינען איר אַראָפּגעפאַלן אף די אויגן, און אין די הענט האָט זי געהאַלטן די פאַרבלוטיקטע האַק. זי איז געשטאַנען אף דעמזעלבן אָרט, וואו דער שייוועט האָט זי געבראַכט פאַר א קאָרבן דעם לייב.

— אוואַ — האָט אוג־לאָמי אַ געשריי געטון צו יודענען.

אַף זיין פּאָנים האָט נאָך געברענט דער אָפּגלאַנץ פון דער מיל־כאָמע, און ער האָט געפּאָכעט מיט זיין נייעם שלאָג־דרוק, וואָס איז געווען באַדעקט מיט זיין סוינעס בלוט און האָר. אַז יודענא האָט דערזען זיין אופגעלעבטן פּאָנים, איז אָפּגעגאַן איר אָנגעשטרייינג־טער צושטאנד, און טרערן פון פרייד האָבן זיך אָנגעהויבן גיסן איבער איר פּאָנים. אַ מאָדנע אופרעגונג האָט פאַרקלעמט אוג־לאָמיס האַרץ, אַז ער האָט דערזען אירע טרערן. נאָר ער האָט נאָך העכער אויסגעשריען — אוואַ!

ער האָט נאָך קריגערישער אַ פּאָכע געטון מיט דער האַנט אף לינקס און רעכטס. אַנטשלאָסן־מענעריש האָט ער איר געהייסן, אַז זי זאָל אים נאָכגיין. ער האָט זיך אויסגעקערעוועט און, פּאָכנ-דיק מיטן געווער, איז ער מיט גרויסע טריט אַוועק צום לאַגער־פּלאַץ, ווי ער וואָלט קיינמאָל גאָרניט פאַרלאָזט דעם שייוועט. יודענא האָט אויסגעווישט אירע טרערן און איז געשווינד אַוועק נאָך אים, ווי ס'האָט געפּאַסט פאַר א פרוי.

אַזוי האָבן זיך אומגעקערט יודענאַ און אוג־לאָמי צוריק אין דעם לאַגער־פּלאַץ, פון וועלכן זיי זיינען אַנטלאָפן איבערן צאָרן פון אויאַן. לעבן דעם שייטער איז געלעגן אַ האַלב־אופגעגעסענער הירש, ווי אַמאָל אין די צייטן, ווען אוג־לאָמי איז נאָך קיין קריגער ניט געווען און יודענא קיין פרוי ניט. אוג־לאָמי האָט זיך אַנידערגעזעצט עסן, און לעבן אים, ווי אַ מאַנסבל, האָט זיך אַוועקגעזעצט יודענאַ, און די איבעריקע האָבן געקוקט פונדערווייטן פון באַשיצטע און באַהאַלטענע ווינקעלעך. שפּעטער אביסל איז צו זיי שעמעוודיק צוגעגאַן איינע פון די עלטערע מיידעלעך מיט סי אַף די הענט. יודענא האָט זי אָנגערופן באַם נאָמען און האָט איר פאָרגעלייגט עסן. דאָס עלטערע מיידעלע איז געווען אַזוי אָנגעשראָקן, אַז זי האָט זיך ניט דערוועגט צוגיין, נאָר סי האָט זיך געוואָרפן באַ איר אַף די הענט און האָט זיך געריסן צו יודענען. אַז זיי האָבן זיך גוט אָנגעזעטיקט, איז אוג־לאָמי זיצנדיק אַנדרימלט געוואָרן, און דערנאָך איז ער אומגעפאַלן און איז אַנשלאָפן געוואָרן. דענסטמאָל איז דער גאַנצער שייוועט איינער נאָכן אַנדערן אַרויסגעקראָכן פון די קושטשעס און מ׳איז צוגעגאַן נעענטער צום פייער. אַז אוג־לאָמי האָט זיך אופגעכאַפּט, האָט זיך אים אויסגעוויזן אַזוי ווי ער איז גאָר קיינמאָל פונדאַנען ניט אַוועק. אַלץ איז דאָ געווען ווי אַמאָל, נאָר קיין מאַנסבלען האָט מען ניט געזעען.

ס׳עפשער ניט צו גלויבן, נאָר ס׳איז פאָרט אַ זיכערער פאַקט. בעאייסן געשלעג האָט ער גאָר פאַרגעסן, אַז ער הינקט און ער האָט ניט געהונקען. ערשט אַז די מילכאָמע האָט זיך געענדיקט, האָט ער ווידער אָנגעהויבן הינקען און איז שוין געבליבן הינקענדיק ביז לעצט פון זיינע טעג.

קאַצנפעל, דער צווייטער רויטהאָריקער און אואַ־כאַו, וואָס האָבן געקענט שלייפן קיזלשטיינער אַזוי ווי זיין פאָטער, זיינען אַנטלאָפן פאַר אוג־לאָמיס צאָרן און האָבן זיך באַהאַלטן, מ׳ווייסט ניט וואו. ערשט אין צוויי טעג ארום האָבן זיי זיך אומגעקערט,

זיך צוגעזעצט ניט ווייט פון בערגל אין די פּאַפּאַראָטן, וואָס הינטער די קאַשטאַן־ביימער, און זיי האָבן זיך גענומען וואַרטן. אוג־לאָמין איז שוין איבערגעגאַן דער קאָס און ער האָט שוין גע־האַט אַ שפּאַן געטון איז זייער זייט, נאָר ער האָט באלד כאַראָטע געקראָגן. נאָכן זון־פאַרגאַנג זיינען זיי ווידער פארשוואונדן געוואָרן. דעמזעלבן טאָג האָט מען געפונען אין די פּאַפּאַראָטן די אַלטע. זי איז געלעגן אַף דעמזעלבן אָרט, וואו אוג־לאָמי האָט זיך אָנגעשטויסן אַף איר, יאָגנדיק זיך נאָך אואַ־כאַו. די אלטע איז געווען טויט, און טויטערהייט איז זי געווען נאָך העסלעכער ווי שטענדיק. די שאַקאַלן און די קאָרשאַקעס האָבן אַ פּרואוו געטון איר פלייש און האָבן זי געלאָזן צורו.

אַף מאָרגן זיינען אַלע דריי מאַנסבלען ווידעראמאָל געקומען און האָבן זיך צוגעזעצט שוין נעענטער אַביסל צום פייער. אואַ־כאַו האָט געהאַלטן, אַזוי אַז מ׳זאָל אלע זעען, צוויי קראָליקלעך, און דער רויטהאָריקער — אַ וואַלד־טויב. אוג־לאָמי האָט זיך אוועקגעשטעלט פאר די פרויען און האָט זיך גענומען כויזעק מאַכן פון אואַ און פונם רויטהאָריקן.

אַפן דריטן טאָג האָבן זיי זיך צוגעזעצט נאָך נעענטער. איצט זיינען זיי געקומען אָן שטיינער און אָן שפּיזן, נאָר זיי האָבן מ׳ט זיך ווידער געבראַכט מאַטאָנעס. קאַצנפּעל האָט צום אלעם איבעריקן מיטגעבראַכט אַ פּאָרעל. דענסטמאָל האָט זעלטן ווער געקענט כאַפּן פיש. נאָר קאַצנפּעל איז שאָענווייס אָפּגעשטאַנען אומבאַוועגלעך באַם וואַסער און ס׳האָט זיך אים איינגעגעבן כאַפּן דעם פיש מ׳ט די הענט. ערשט אַפן פערטן טאָג האָט אוג־לאָמי דערלויבט אַלע דרייען זיך אומקערן בעשאָלעם אפן לאַגער־פּלאַץ און האָט צוגענומען זייערע מאַטאָנעס. אוג־לאָמי האָט אופגעגעסן דעם פּאָרעל. אַסאַך לעוואָנעס איז נאָכדעם אוג־לאָמי געווען דער פירער פונם שייוועט, און אלע האָבן אים געפאָלגט, און אַז ס׳איז געקומען זיין צייט האָט מען אים געהאַרגעט און מע האָט אים אופגעגעסן, פונקט ווי אין זיין צייט איז אומגעקומען אויאַ.